# פרעהליכע מינוטען

געקליבענע הומאריסטישע ערצעהלונגען פון

## ב. קאוונער

ערשטער בוך.

פערלאג „ליטעראטור“
מערץ, 1919.

אפיס: 346 איסט 173טע סט., ניו יארק, נ. י.

# CHEERFUL MINUTES

## Selected Humorous Stories

BY

**B. KOVNER**

VOLUME ONE



Published by the Literature Publishing Co.
Office
346 East 173rd Street, New York, N. Y.

# קיין הקדמה!

...אידען! אויב איהר געדיינקט, האב איך אייך צוגעזאגט אז ווען מיינע ביכער וועלען ארויסגעגעבען ווערען, וועל איך צו זיי קיינע פארדעדעס ניט שרייבען. און אז איך זאג — איז געזאגט; א ווארט איז א ווארט. איך בין ניט קיין פאליטישען...

א פארדעדע מיינט זיך אליין צו לויבען. און דאס וועט איהר ביי מיר ניט אויספיהרען, אפילו ווען איך זאל וויסען אז מיינע ביכער וועלען צוכאפט ווערען אין איין טאג צייט. און זיך פער־לאזען אז אנדערער זאל מיך לויבען, זעה איך ניט איין די הכמה... „מיט פרעמדע הענד איז גוט פייער צו שארען“...

איז אזוי ווי קיין פארדעדע שרייב איך ניט, נעהם איך זיך דאס רעכט צו זאגען בלויז עטליכע געצעהלטע ווערטער:

איבערקוקענדיג די „פרעהליכע מינוטען“, וואס געהן אריין אין די דאזיגע צוויי ביכער, האב איך זיך אליין געוואונדערט, ווי עס קומען צו מיר אזעלכע געלונגענע, וויציגע, לעבעדיגע מעשה־לעך... נאר, ווי געזאגט, האב איך זיך פיינט אליין צו לויבען... לעזט און לאכט און זאל אייך וואויל בעקומען.

עיקר שכחתי:—

ביז איהר וועט צוקומען צו דעם אנהויב פון די „פרעהליכע מינוטען“, וועט איהר האלטען אין מישען און מישען פוסטע בלעט־לעך. אבער גלויבט מיר אז ס'איז ניט מיין שולד. די שולד פאלט אויף די קעפ פון די פאבלישערס, די גנבים!... זיי האבען גע־וואלט אויספילעןביידע ביכער מיט אזעלכע בלעטלעך, נאר איך האב ניט געלאזען...

מיט גרויס דרך ארץ,

ב. קאוונער

## אינהאלטס-פערצייכנים.

## משיקאווע אידען — (דריטע אבטהיילונג).

# גיט מיר א דירה!



[ג]יט מיר א דירה, זאג איך אייך! אז נישט וועל איך זיין געצוואונגען אריינצומופען מיט מיין פרוי און קינדער צו אייך אין הויז אריין און איהר וועט צעהן מאל אין טאג בעטען אויף זיך דעם טויט.

האט איהר שוין ווען געהערט אין אייער לעבען, אז א מאן פון א פרוי און א טאטע פון קינדער זאל נישט קענען קריגען קיין דירה?

מיט א חודש צוריק ערהאלט איך „נאטים" פון מיין לענד־לארד, „אז איך זאל מוחל זיין בייטען דעם קלימאט".

— וואס הייסט, זאג איך, ביי אייך בייטען דעם קלימאט?

— ביי מיר, זאגט דער לענדלארד, הייסט בייטען דעם קלי־מאט גאר פשוט: אז איהר זאלט צוזאמענפאקען אלע אייערע בע־ביכעס און זיך זוכען אן אנדער דירה, אין אן אנדער הויז, אין אן אנדער גאס און — ווען מעגליך — אין אן אנדער שטאדט.

— וואס איז די מעשה — טהו איך א פרעג — איך צאהל אייך נים קיין דירה־געלד?

— איך מיין נים דאס — זאגט ער — איך מיין אז איהר האט, זאלט איהר מיר מוחל זיין, צופיעל קינדער.

— זיעבען קינדער — זאג איך — איז ביי אייך א סך? אט האט מיין עלטער־זיידע געהאט אכטצעהן, מיין זיידע זיעבענצעהן און מיין טאטע זעכצעהן.

— יע, זאגט ער, דאס קען זיך גריילעך געמאלט זיין, אבער זיי האבען דאך מיט זייערע קינדער נישט געוואוינט אין מיין הויז.

— טו וואס זשע ווילט איהר? — טהו איך שוין א פרעג א

ביסעל אין כעס — זאל איך אפשר צוליעב אייערע דריי רומקעס אוים'הרג'ענען די קינדער מיינע?

— חלילה! זאלען זיי — זאגט ער — זיין געזונד און שטארק, נאר וואוינען זאלען זיי ערגעץ־אנדערש!

זעה איך דאך, אז ער איז א משודנער איד, א גרויסער עקשן מיט א גזלניש־הארץ, אז קיין פיינער מענש קען מיט איהם ניט האנדלען; בעשלים איך לאזען די קינדער אין גאס אויף הפקר און איך מיט מיין אידענע געהען זוכען רומס.

מארטשען מיר צוערשט אריין אין נארפאלק סטריט. טרעפען מיר דארט א געלען צעטעל צוגעשלאגען צו א טהיר. געהען מיר באלד צו צו א אידען וואס האלט דארט, אין זעלבען הויז, א קויהלען־סעלער, און איך פרעג איהם וויפיעל רומס און ווי טהייער?

— נישטא דא קיין לעערע רומס! — ענטפערט דער קויהל־לען־מאן — אלע רומס זייגען פערנומען!

— סטייטש, זאג איך, אט איז דאך א צעטעל אויף דער טהיר, א געלער צעטעל?

— דאס, זאגט ער, האט צוגעשלאגען די „באארד־אוו־העלל", ביקאז אויפ'ן ערשטען פלאר ליגען דריי קינדער קראנק אויף דיפ־טעריע.

טהוט מיך מיין אידענע א ציה ביים ארבעל און מיר געהען ווייטער.

טרעפען מיר דריי רומס מיט א באד אין עסעקס סטריט, אויפ'ן פינפטען פלאר, נאכצופרעגען ביים בוטשער.

פרעגען מיר.

זאגט דער בוטשער: 27 דאלאר אהן קינדער.

— און מיט קינדער? — טהו איך א פרעג.

— מיט קינדער איז 30 דאלאר — זאגט ער.

טהוט מיין אידענע א שפיי אויפ'ן בוטשער און מיר געהען ווייטער.

טרעפען מיר אין סאפאלק סטריט פיער רומס אהן א באר.

פרעגט מיך דער לענדלארד, א שווארצער איד מיט א בלינד אויג: —

— וואס פאר א לאנדסמאן איך בין.

זאג איך: א גאליציאנער.

זאגט ער: מיר נעהמען נישט אריין קיין גאליציאנער, ביקאז די גאליציאנער זיינען נישט קיין פיינע מענשען.

זאג איך: א סך פיינער ווי די ליטוואקעס!

זאגט ער: קיין פיינערע פון די ליטוויקעס איז ניטא.

זאג איך: איך וואלט מיך ניט געביטען מיט א ליטוואק ווען מען צאהלט מיר צו א פערמעגען!

א ווארט פאר א ווארט, ער האט אונז ארויסגעטריבען.

באטעלט מיין אידענע אויס אלע פינסטערע וויסטע חלומות צום ליטוואק'ס קאפ און מיר געהען ווייטער.

קוק איך אין איין זייט גאס און מיין אידענע פון דער צוויי־טער זייט און מיר מארטשען אריין אין לואיס סטריט. דארט טרע־פען מיר דריי רומס אויף דעם פערטען פלאר, מיט צוויי פענסטער צום פראנט.

— פון וואנען איז א לאנדסמאן? — פרעגט מיך באלד דער לענדלארד פון לואיס סטריט.

האב איך דאך שוין מורא צו זאגען א גאליציאנער, זאג איך: א רומענישער.

זאגט ער: מיר נעהמען נישט אריין קיין רומעניש.

— פאר וואס עפעס? פרעג איך.

— ווייל אלע רומענישע זיינען אנארכיסטען.

זעה איך דאך אז דער לענדלארד איז א בהמה, רעד איך ניט א ווארט און מיר געהען ווייטער קוקען אויף די טהירען.

טרעפען מיר אן דריי רומס אין שעריף סטריט, צו די בעק.

— וואס פאר א לאנדסמאן? — פרעגט מיך דער הויז־קיפער, א הויכער איד מיט א געלער בארד.

האב איך דאך שוין מורא צו זאגען א רומענישער, זאג איך: א ליטוואק.

— עץ זענט א ליטוואק? מיר נעהמען נישט אראן ענקערע ליטוואקעס? ענקערע ליטוואקעס זענען „ציילעם־קעפ“, ענקערע ליטוואקעס הובען פאנט גאליציאנער. מאן „לענדלער“ נעהמט נאר אראן גאליציאנער. עץ קענץ אך גאיז.

— קום, יענקעל! טהוט מיך מיין אידענע א טארע, זאל ער זיך ווערגען מיט די רומס אין איינעם!

געהען מיר ווייטער.

זיינען מיר שוין אין פיפט סטריט. זעהען מיר פיער רומס אין א יארד־הויז, אויף א סטופ, מיט אבגעשיילטע ווענד און צו־בראכענע טרעפ. אין פראנט איז א סטייבעל. פרייז 23 דאלאר א מאנאט. און די האל איז אזוי שמאל, אז טאמער קומט אייך עמי־צער אנטקעגען מוזט איהר זיך צוריקקעהרען ביז ארוים אין דרוי־סען און דאן צוריק אריינגעהן.

— פון וואנען איז א איד? פרעגט דער הויז־קיפער — א אידעל איינגעטונקען פון קאפ ביז די פיס אין אשעס.

האב איך דאך שוין מורא צו זאגען, אז איך בין א ליטוואק, זאג איך: אן אונגארישער.

ענטפערט דער הויז־קיפער:

— מיין לענדלארד איז אליין א געבארענער ליטוואק, נעהמט ער אריין נאר זיינע לאנדסלייט. ער וועט ניט אריינגעהמען קיין אונגארישע פאמיליע פאר קיינע געלדער.

זאגט מיין אידענע: יענקעל, כ'האב א פלאן.

— וואס פאר א פלאן?

זאגט זי: מיין פלאן איז, אז מיר זאלען ווייטער געהן זוכען.

שפארען מיר אן אין גאריק סטריט, נאהענט ביים וואסער. דארט געפינען זיך דריי רומס, אלע ליכטיגע נאר מען פיהלט גאז. דער אידעל וואס וואוינט דארט, זאגט, אז די גאז פיהלט זיך שטענ־דיג. עפעס א פייפ אין קעלער רינט... נאכפרעגען וועגען די רומס דארפען מיר זיך אין בראדוויי ביי מיסטער שמאלצמאן, א קלאוק־מאנופעקטשורער.

געהען מיר אהין.

קומט אונז אנטקעגען א קיילעכדיג אידעל מיט פעטע פער־לאפענע אויגלעך, מיט גראבע ליפען און מיט א גלאנציגען פליכעל.

— וואס ווינשען זי? פרעגט דאס רונדע אידעל.

— מיר ווילען אויסגעפינען וועגען די רומס אין גאריק סטריט.

— וואס איזט אינענם בעשעפטיגונג?

— א קלאוקס־אפרייטאר! ענטפער איך מיט א פעסטער שטימע.

— בעלאנגען זי צו דער יוניאן?

— נאך א מין בעלאנגען! איך בין, זאג איך, אן אלטער, טרייער, איבערגעבענער יוניאן־מאן, דער ערשטער אין א סטרייק, דער ערשטער צו פיקעטען, אט איז מיין ביכעל, נים שולדיג א פעני דיום.

— עס טהוט מיר לייד, דאס איך מוס איהנען ענטזאגען אין מיינע הייזער נעהם איך ניכט אריין קיין קלאוק־מאכער. דיעזע לייטע האבען מיך לעצטעס יאהר מכולה געמאכט מיט זייער גראס־סען סטרייק. וואנן זי די יוניאן אנטלאסען קענטע, אונד מיר איין פערשפרעכען געבען, דאס זי ניעמאלס סטרייקען ווערדע, דאן קאָ־נען זי מיינע דריי צימערן אין דער גאריק שטראססע דינגען. 28 דאלאר איין מאנאט.

אויסגעהערט זיין פזמן, קעהר איך זיך אום מיט'ן רוקען צו איהם און מיט'ן פנים צום טהיר, און מיין אידענע אויך דאס איי־גענע, און מיר געהען ארויס.

ארונטערקומענדיג אין גאס, בלייבען מיר ביידע שטעהן ווי געפלעפטע. איך קום דער ערשטער צו זיך און טהו א פרעג מיין אידענע:

— וואס וועט ווייטער זיין?

— איך האב — זאגט זי — א פלאן.

— וואס פאר א פלאן האסטו? לאמיר הערען.

— מיין פלאן — זאגט זי — איז, אז מיר זאלען ווייטער געהן זוכען.

זאג איך: ס'איז א פלאן.

פערקריכען מיר אזש אין די זיעבעטע סטריט קארנער עוועניו סי. זעהען מיר 4 רומס מיט אלע אימפרואוומענטס. נאכצופרעגען אויפ'ן ערשטען פלאר, בעק.

קלאפען מיר אן. קיינער ענטפערט ניט; קלאפען מיר ווייטער — קיינער ענטפערט ניט. קוים מיט צרות דערקלאפט זיך.

עס עפענט זיך א שטיקעל טהיר, א גרויסער קאפ, מיט אבגעשארענע האר בעווייזט זיך און פרעגט וואס מיר ווילען.

— מיר ווילען וויסען וועגען די 4 רומס מיט אלע אימפרואוומענטס.

דער גרויסער קאפ רוקט זיך אביסעל מעהר ארויס און בעט מען זאל רעדען א קאפיטשקע העכער, מחמת ער איז, ניט פאר אונז געדאכט, טויב ווי די וואנד.

רעדען מיר העכער.

אויסגעהערט אונז, פרעגט דער גרויסער קאפ:

— וואס פאר א לאנדסמאן זייט איהר?

— א גאליציאנער — ענטפער איך — און דאס הארץ קלאפט מיר ווי ביי א גזלן. ווער וויים — טראכט איך מיר, — אויב איך וועל ווידער נישט ארייגפאלען?

— וויפיעל קינדערלעך האט איהר? פרעגט דער קאפ.

— זיעבען, זאלען געזונד און שטארק זיין.

— און וואס איז אייער בעשעפטיגונג?

— א קלאוק־מאכער — ענטפער איך.

— אויב אזוי איז אן עברה אייער צייט — זאגט ער.

— וואס איז?

— ערשטענס — זאגט ער — נעהמען מיר נישט אריין קיין גאליציאנער; צווייטענס נעהמען מיר נישט אריין קיין קינדער.

און ער פערמאכט די טהיר און פארמיג.

בלייבען מיר ווידער שטעהן ווי פער'משפט'ע און וויסען ניט וואס צו טהאן.

זאגט מיין אידענע: יענקעל, איך האב א פלאן.

— וואס פאר א פלאן — פרעג איך איבער.

— מיין פּלאַן איז — זאָגט זי — אז מיר זאָלען ווייטער געהן זוכען.

זאָג איך: ס'איז זעהר א גוטער פּלאַן, נאָר איין חסרון.

— וואָס פאַר א חסרון?

— דער חסרון איז — זאָג איך — וואָס די פיס ברעכען מיר.

זאָגט זי: ביי מיר אויך דער אייגענער חסרון.

זאָג איך: לאָמיר אהיים געהן, זיך אָפּרוהען א ביסעל און דאַן וועלען מיר ווייטער געהן...



# אין אַ האָספּיטאַל.



הויכער איד, וואָס אַלע האָבען גערופען אייזיק, איז אַמאָל קראַנק געוואָרען. האָבען לאַנדסלייט זיך געוואונדערט: סטייטש, אַ איד וואָס אַלע רופען אייזיק זאָל זיין קראַנק? אָבער אייזיק האָט ניט געהערט זיינע לאַנדסלייט און געקרענקט.

אַזוי ווי ער האָט געהאַט אָבגעשפּאָרט עטליכע דאָלאַר אין באַנק (זיין באַנק האָט זיך דוקא ניט צוגעמאַכט), האָט אייזיק'ס פרוי, נעכע, ארויסגענומען דאָס גאַנצע קאַפּיטאַל, אַן ערך פינף און פערציג דאָלאַר, און מען האָט אָנגעהויבען געהן צו דאָקטוירים. נו, ווייסט איהר דאָך שוין די אַמעריקאַנער דאָקטוירים — די געוועזענע העמדעל־נייהער. האָט איינער געזאָגט, אַז אייזיק האָט אַ „טאָטש"; אַ צווייטער — אַז ער ליידעט פון „ראָמאַטעס"; אַ דריטער — אַז ער האָט אַסטמאַ.

אַז אייזיק'ס פרוי האָט געזעהן, אַז די פינף און פערציג דאָלאַר האָבען שוין געזאָגט „גוד־ביי", האָט זי פערזעצט אַן איבערבעט און איז אַוועק מיט איהר אייזיק'ן צו אַ פּראָפעסאָר. האָט דער פּראָפעסאָר אונטערזוכט אייזיק'ן און איהם געזאָגט, אַז ער איז — ניט געזונד.

פרעגט אייזיק דעם פּראָפעסאָר:

— וואָס טהוט מען?

ענטפערט דער פּראָפעסאָר:

— ווען איהר זאָלט זיין אַ רייכער מענש, וואָלט איך אייך געמאַכט אַן אָפּערייזשאַן. איהר ברויכט זעהר אַ גרויסע אָפּערייזשאַן.

אבער אזוי ווי איהר זייט אן ארימאן, מוזט איהר אוועק אין א שטאדטישען האספיטאל. דארטען נעהמט מען ניט קיין געלד.

איז דער ארימער אייזיק אוועק אין א שטאדטישען האספי־טאל. האט מען איהם דארט אונטערזוכט און ערקלעהרט, אז איהם איז גארנים. ער האט בלויז אפענדיסיטיס... אז ער מוז שוין האַ־בען אן אפערייטשאן. אויב ניט — שטארבט ער.

רופט זיך אב אייזיק מיט א וויינענדיגער שטימע:

— טהוט מיט מיר וואס אייער הארץ גלוסט, אבי ראטעוועט מיך. איך האב א ווייב מיט פיער קינדער.

האט מען איהם געמאכט א וואנע, אנגעטהאן א ווייס העמד, געגעבען עפעס צו שמעקען און ער איז איינגעשלאפען.

אין עטליכע שטונדען ארום, אז אייזיק האט געעפענט די אויגען, האט ער דערזעהן, אז ער געפינט זיך אין א צימער מיט נאך זעקס פאציענטען, וואס זיינען אויך אפערירט געווארען אויף אפענדיסיטיס, און אויך אידען.

— נו, א דאנק דעם אויבערשטען! — האט אייזיק אויסגעשריען — וואס איך בין שוין אריבערגעקומען בשלום די אפעראציע.

— איהר קענט נאך ניט וויסען! — האט איינער פון די זעקס פאציענטען געזאגט — אז מען האט מיך אפערירט, האב איך אויך געמיינט, אז איך בין שוין פטור. ערשט שפעטער מיט עטליכע שטונדען האט זיך דער פראפעסאר געכאפט, אז ער האט ביי מיר אין בויך פערגעסען עפעס א שעהר. האט ער גאנץ שעהן איבער־א־נייעם געמוזט עפענען דעם שניט...

— ריכטיג ווי געלד! — רופט זיך אפ אן אנדערער פון די זעקס פאציענטען — מיך, אז מען האט אפערירט, האט דער פראַ־פעסאר פערגעסען אין בויך א צווענגעל מיט א קליין מעסערעל.

רופט זיך אפ א דריטער, א בלאס אידעל, מיט א שווארץ בער־דיל:

— און ביי מיר אין בויך האט דער פראפעסאר פערגעסען א זעגעל. א גאנצען מעת לעת איז דאס זעגעל דארטען געלעגען ביז ער האט זיך דערמאנט, אז מען דארף עס ארויסנעהמען...

— איהר שפיעלט זיך עפעס מיט אונזערע פראפעסארען ! — דערהערט זיך א שוואך קול פון נאך א קראנקען — א גאליציאנער איד מיט א יארמולקע אויפ'ן קאפ — און ביי מיר אין בויך האט דער פראפעסאר פערגעסען דעם גאנצען סעטשעל מיט די אינסטרו־מענטען... און אז ער האט דאס ארויסגענומען און צוריק פער־נייהט דעם בויך, האט ער זיך מיט א שעה שפעטער דערמאנט, אז ער האט נאך דארט פערגעסען א האנד־טוך. האט ער ווידער אויפ־געטרענט די נאט, ארויסגענומען דעם האנד־טוך און ווידער פער־נייהט. די געשיכטע האט מיך אזוי פיעררדראסען, אז איך האב אויס־גערופען שטארק אין כעס: — „הערר פראפעסאר, וואס טויג אייך אלע מאל עפענען און פערנייהען, פערנייהען און עפענען. פטור'ן צייט פאר גארנישט ; א מעהר מאכט מיר דעם בויך מיט קנעפ־לאך אדער מיט העקלאך, וועט איהר דאך קיין באדער ניט האבען“.

און אזוי ווי אייזיק ליגט און הערט זיך אויס די מעשיות פון די קראנקע אידען, בעווייזט זיך דער פראפעסאר אין טהיר און טהוט א פרעג : „קינדערלאך, האט אימיצער פון אייך אפשר גע־זעהן מיין סילקענעם אמברעלא ?“

דער ארימער אייזיק האט באלד אוועקגע'חלש'ט...



# א מיטעל צו קריגען א רעיז.



אטיע דער בייסטער איז אוועק מיט א רחמנות־פנים צו זיין באס און געבעטען א רעיז.

האט איהם דער באס געענטפערט, אז א רעיז איז אן ערעלע זאך.

האט מאטיע געסטראשעט צו פערלאזען דעם שאפ.

איז דער באס געווארען ווייכער און איהם געפרעגט וויפיעל ער פערדיענט.

האט מאטיע געענטפערט, אז ער פערדיענט סך הכל 18 דאלאר א וואך.

האט איהם דער באס געפרעגט:

— האט איהר א פרוי?

— יא, האט מאטיע געענטפערט.

— א שעהנע?

— ניין.

— א יונגע?

— ניין.

— א געזונטע?

— ניין.

— און קינדער?

— קינדער האב איך אכט, זאלען געזונד זיין.

— און קיינער ארבייט ניט?

— דאס עלטסטע, א מיידעל, איז ערשט 12 יאהר.

— וועלל, האט דער באס געענטפערט, איך וועל אייך מארגען

נאָכמיטאָג בעזוכען. אויב איך וועל אויסגעפינען, אז איהר בלאָפט ניט, אז איהר האָט טאַקע א קראַנקע פרוי מיט אכט קינדער, וועל איך אייך געבען א רעיז.

פאַרנאַכט, ווען מאָטיע איז געקומען פון שאַפ, האָט ער דער־צעהלט זיין פרוי וועגען דעם געשפרעך וואָס ער האָט געהאַט מיט׳ן באָס, וואָס דער באָס האָט געפרעגט און וואָס ער, מאָטיע, האָט געענטפערט.

איז זיין ווייבעל געוואָרען אין כעס:

— נאָך וואָס האָסטו איהם ניט געזאָגט דעם אמת, אז מיר האָבען בלויז דריי קינדער? און נאָך וואָס האָסטו מיך פאַר איהם פאַרגעשטעלט פאַר א מיאוס׳ע, א קראַנקע און אן אַלטע?

— ווייל אנדערש קען מען ביי איהם קיין רעיז ניט בעקומען. מען מוז איהם בלאָפען! און דאָס וואָס איך האָב דיר פאַר איהם פאַרגעשטעלט פאַר א מיאוס׳ע, א קראַנקע און אן אַלטע, איז דאָס דערפאַר, וואָס ער איז א גרויסער אויסוואורף, א שאַרלאַטאַן! ער האָט שוין א סך ווייבלאַך פערפיהרט. אַט האָט מיר זעליג דער פרעסער דערצעהלט, אז זיין ווייבעל איז שוין אויך געוואָרען מיט׳ן באָס א גאַנצע שמעלקע. האָב איך געמוזט אזוי האַנדלען.

— אויב אזוי האָסטו גוט געטהאַן! — האָט בעמערקט די מאַט־כע — אָבער...

— וואָס אָבער?

—,וואָס וועט זיין, אז ער וועט מאָרגען קומען?

— האָב איך א פּלאַן. דער פלאַן איז, אז מיר זאָלען ביי דער מיסעס גיטעלסאָן, פון ערשטען פלאָר, אנטלייהען איהרע דריי קינ־דער און ביי מיסעס בלום איהרע צוויי קינדער, וועלען מיר האָ־בען צוזאַמען אכט.

— און וואָס וועט זיין מיט מיר אליין?

— דו וועסט ארויס פון הויז און אויף דיין אָרט וועל איך אוועקזעצען די מיסעס זאַלמענסאָן פון טאָפּ פלאָר. זי איז א מיאוס׳ע און אן אַלטע און א קראַנקע.

און אזוי איז טאקע געווען: מאטיע און די מאטיכע זיינען אריין צו די שכנים און זיי ערקלעהרט וועגען וואס דא האנדעלט זיך, און צוגעזאגט די שכנים, אז ווען עס וועט זיך אמאל האנדלען ביי זיי וועגען אזא געשיכטע, וועט מען זיי אפדיענען, וועלען זיי אויס־לייהען ז י י ע ר ע קינדער.

האבען די שכנים צוגעשטימט. בלויז די מיסעס בלום האט זיך געקווענקעלט: „איהר סעמעלע וועט צוליעב דעם ניט קענען געהן אין סקוהל". אבער מען האט זי איבערגערעדט.

אויף מארגען, באלד נאכמיטאג, איז מאטיע'ס שעהנע וויי־בעל ארויס פון הויז און זיך אוועקגעזעצט אין דרויסען אויפ'ן סטעפּ, און מאטיע האט צוזאמענגעשלעפּט די פינף פרעמדע קינ־דער מיט דער קראנקער צובראכענער מיסעס זאלמענסאן.

מאטיע האט זיי אלעמען אנגעזאגט ווי זיי דארפען שפּיעלען זייערע ראלען, ווי זיי דארפען עקטען.

ארום צוויי א זייגער איז צוגעקומען צום סטופּ א מאן אין א ווייסען „פּאלם ביטש" סוט, מיט א פיינעם פּאנאמא־העט, און געפרעגט — טאקע ביי מאטיע'ס ווייבעל — אויב אין דער הויז וואהנט איינער א מאטיע.

האט די מאטיכע פערשטאנען, אז דאס איז דער באס, האט זי איהם געזאגט „יא" און דער באס איז אריין אין הויז.

אין שטוב, ביי מאטיע'ן, איז געווען א רעגעלער גיהנום! די פינף פרעמדע קינדער האבען זיך געשלאגען מיט מאטיע'ס דריי קינדער. און די מיסעס זאלמענסאן האט געמאכט געוואלדען און מאטיע אליין האט געסטראשעט די קינדער: „אויב זיי וועלען זיך ניט סטאפּען ממית'ן, וועט ער זיי דער'הרג'ענען".

די מיסעס זאלמענסאן האט זיך פארגעשטעלט פאר מאטיע'ס פרוי: „איך בין דאס די מאמע פון די אכט מזיקים!" — און דערביי האט זי געמאכט א וויינענדיג פּנים — — —

— — — — — — — — — — — —

מיט צוויי טעג שפּעטער האט מאטיע בעקומען א רעיז דריי דאלאר.

## ביזי ביי תכריכים...



אַטעל האַריאַפּ איז תמיד ביזי. ער האָט נאָך אין אַמעריקאַ קיין איין טאָג ניט געסטאָפּט: ער אַר־בייט ביי תכריכים.

פון קיין סטרייק ווייסט ער אויך ניט. קוים רעדט ער אַרויס דאָס וואָרט „סטרייק", ווערט דער באָס אַ פּערציטערטער און מאַטעל כאַפּט אַ רעיז.

ער אַרבייט אי שבת, אי יום־טוב, האָט קיינמאָל קיין צייט צו רעדען מיט אַ מיידעל.

די איינציגע טעג וואָס ער האָט צייט, איז ראש השנה און יום־כפּור. די דריי טעג איז דער שאָפּ זיינער פערמאַכט.

האָט ער זיך טאַקע לעצטען ראש השנה בעקענט מיט זיינע אַ לאַנדס־מיידעל, אַ בדחנ'ס אַ טאָכטער. אַ שעהנע מיידעל נאָר אַ קרענקליכע.

יום כפּור איז ער שוין געווען פערליעבט אין איהר, און איהר צוגעזאָגט צו הייראַטהען ביי דער „ערשטער בעסטער געלעגענ־הייט".

איהר פאָטער, דער בדחן, איז געווען העכסט צופריעדען. בלויז די מאַמע האָט זיך געבערעקעלט:

— עס געפעהלט מיר ניט זיין פּרנסה, — האָט זי גע'טענה'ט— וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אַ יונגערמאַן פון פיער און צוואַנציג יאָהר זאָל אַרבייטען טאָג און נאַכט ביי תכריכים?

האָט איהר דער בדחן געגעבען צו פערשטעהן, אַז דאָס וואָס ער אַרבייט סטעדי איז מעהר ווערטה ווי אַלעס. און דאָס וואָס ער אַרבייט ביי תכריכים איז בלאָטע. ס'איז פּונקט אַזאַ נוציגער אַרטיקעל ווי עסען.

האט זי זיך בערוהיגט, די מאַמע איהרע.

איינמאָל האט מאַמעל בעקומען די גריפּ. האָט איהם דער באָס אהיים געשיקט ער זאָל זיך אויסשוויצען. האט ער זיך בע־נוצט מיט דער צייט און איז אַ חתן געוואָרען: מען האָט גע־שריבען תנאים און געבראַכען טעלער. די חתונה האָט מען אָבגע־לעגט אויף אַ האַלב יאָהר.

צוויי חדשים פאַר דער חתונה האט מען געדונגען אַ האָלל, בעשטעלט קלעזמער, בעזאָרגט אַ קעכין, געאָרדערט אינוויטיישאָנס און זיי אויסגעשיקט.

דער חתן האט אונטער דער צייט כמעט נים בעזוכט די כלה. ער האָט געאַרבייט אָווערטיים. צוליעב דעם יקרות זיינען אַ סך קבצנים געשטאָרבען פון הונגער, און די ביזי ביי תכריכים האט זיך צופּלאַקערט...

דער חתן האט געלאָזט וויסען, אַז די חופּה זאָל זיין נים פריהער ווי צוויי אַ זייגער נאָך האַלבע נאַכט, ווייל ביז איינס אר־ביים ער אָווערטיים און אַ שטונדע צייט דאַרף ער האָבען זיך ארומ־צוואַוואַשען און זיך אָנצוטהאָן.

האָט מען געפאָלגט דעם חתן. „ביזנעס בעפאָר פּלעזשור" — האט זיך דער בדחן געוויצעלט.

דער טאָג פון דער חתונה איז געקומען. די כלה זיצט שוין אין האָלל אין איהר ווייסען חופּה־שלייער, מיט אַ בוקעט בלומען אין האנד. די קלעזמער שפּיעלען, מיידלאַך מיט בחורים טאַנ־צען, דער בדחן געהט אַרום אַ פרעהליכער און „קוואַקעט" מיט נייע גראַמען פאַר „כלה בעזעצענים". ער וויל זיין טאַכטער בעזעצען שעהנער ווי ער בעזעצט ווילד־פרעמדע כלות.

צעהן אַ זייגער ביינאַכט. די האָלל איז געפּאַקט. דעם חתנ׳ס אַ שוועסטער און אַ שוואָגער (דער חתן איז אַ יתום) שמייען אַרום צווישען די טאַנצענדע פּאָרלעך און זייערע אויגען פינקלען פון שמחה.

צוועלף אַ זייגער נאָך האַלבע נאַכט קומט אָן אַ שליח פון

שאָפּ, וואו דער חתן ארבייט, אז דער כלה'ס פאָטער זאָל שוין צוקומען. דער חתן וויל איהם זעהר נויטיג זעהן.

ווערט א גערודער, א געפּילדער. די כלה דערשרעקט זיך:

ווער ווייסט? טאָמער האָט דער חתן חרטה אויפ'ן שידוך?

די כלה'ס מאמע קוויטשעט און דער טאַטע פליהט אוועק אין שאָפּ הערען וואָס דער חתן וויל.

אין צוואַנציג מינוטען ארום קומט דער טאטע צוריק א פרעה־ליכער, שטעלט זיך אוועק נעבען דער פּיאנאָ און שרייט אויס הויך אויפ'ן קול:

— אינדיאַנער! פערמאַכט אייערע פּיסקעס! לאָזט רעדען א קליגערען פון אייך!

דער גערודער שטילט זיך אביסעל איין. דער טאַטע דערצעהלט, אז דער באָס לאָזט ניט דעם חתן געהן צו דער חופּה, ווייל ס'איז ערשט פאַרנאַכט אריינגעפאַלען זעהר א גרויסער אָרדער וואָס מוז פאַרטיג ווערען ביז ניין א זייגער אין דער פריה. און דער חתן מוז דאַרום ארבייטען א גאַנצע נאַכט. אויב דער חתן זאָל פער־לאָזען די ארבייט און געהן צו דער חופּה, וועט ער פערלירען דעם דזשאָב. סיידען, זאָגט דער באָס, מיר זאָלען אָבשטעלען די חופּה אין שאָפּ.

איז געבליבען נאָכצוגעבען דעם באָס.

אין א האַלבע שעה ארום איז שוין אין שאָפּ געווען אויפגע־שטעלט די חופּה. דער חתן האָט אָבגעשטעלט אויף א ווייל די מאַ־שין און איבער'ן גאַנצען שאָפּ האָט זיך צוגאָסען דעם מסדר קדושין'ס שטימע:

„קול חתן וקול כלה!"

אז דער מסדר קדושין האָט געהאַט אויסגעגאַרגעלט די „שבע ברכות", זיינען זיך די מחותנים ארויפגעפאַלען אויף די העלזער און זיך צוקושט.

און די ארבייטער פון שאָפּ, מיט תכריכים אין די הענד, האָ־בען אויסגערופען: „מזל טוב! מזל טוב!"...

— — — — — — — — — — — —

# אַלע הינט האָבען איין פּנים.



יינמאָל, בשעת אסתר, די שעהנסטע מיידעל פון שאָפּ, איז געזעססען איינגעבויגען איבער דער מאשין, האָט זיך אונטערגע'גנב'עט אַן ארבייטער, אַ בחור מיט רויטע ליפּען, און אסתר'ן אַ קוש געטהאָן אין האַלז און אַ שטאַרקען קניפּ געטהאָן אין האַנד.

איז אסתר באַלד אַוועקגעלאָפען צום פאָרמאַן און האָט אָנ־געקלאָגט דעם ארבייטער.

האָט זיך דער פאָרמאַן געהייסען ווייזען דעם פּלאַץ וואו דער ארבייטער האָט איהר אַ קניפּ געטהאָן.

האָט אסתר אויפגעשאַרצט דעם ארבעל ביז צו דער פּאַכווע און געוויזען דעם פאָרמאַן די האַנד מיט'ן רויטע צייכען.

בעטראַכט דער פאָרמאַן אסתר'ס ווייסע האַנד און זאָגט:

— אַזאַ געמיינער, ניעדערטרעכטיגער קערל! נעהמט אַזאַ ווייס הענטעל און קנייפּט עס. איך וועל איהם שוין ווייזען!

און דערווייל נעהמט ער אַליין גלעטען איהר האַנד אַזוי פרעה, אַז אסתר געפינט זיך שטאַרק בעליידיגט און רופט אויס:

— איהר זייט אַ לומפּ! אַ גראָביאַן! און זי רייסט זיך ארויס פון זיינע הענד און לויפט גלייך צום דעזיינער, מיסטער שנוק, און קלאָגט אַן פאַר איהם דעם פאָרמאַן.

ווי נור דער דעזיינער האָט אויסגעהערט אסתר'ס קלאָגע, האָט ער באַלד בעפוילען זי זאָל אַזוי גוט זיין און זיך אויסטהאָן דאָס ווייסטעל, ער וויל זעהן וואו דער ארבייטער האָט איהר אַ קניפּ גע־טהאָן.

— צו וואָס עפּעס אויסטהאָן דאָס ווייסטעל? איהר גלויבט מיר ניט?

— איך מוז בעטראַכטען דעם פּלאַץ, — ענטפערט דער דעזיי־נער, און די אויגען זיינע צובּרענען זיך ווי ביי אַ ווילדער חיה.

האָט אסתר אויסגעטהאָן דאָס ווייסטעל. האָט זיך דער דע־זיינער צורעכט געמאַכט די ברילען און גענומען בעטראַכטען אסתר'ס האַלז און איהר ווייסע האַנד. און איידער אסתר האָט זיך אַרומגעזעהן, האָט שוין דער דעזיינער אַ גלעט געטהאָן אסתר'ן, נאָך פרעכער ווי דער פאַרמאַן.

האָט אסתר קיין סך ניט געטראַכט און איהם אַרונטערגעוואָר־פען די ברילען פון נאָז, און הויך אויפ'ן קול אויסגעשריען:

— פּאַסקודניאַק!

און באַלד איז זי אַריינגעלאָפען אין אָפיס צום באָס און אָנ־געקלאָגט פאַר איהם דעם דעזיינער.

אַז דער באָס האָט אויסגעהערט אסתר'ן, איז ער זעהר גע־ריהרט געוואָרען... דאָס זיינען ניט קיין מענשען — האָט ער גע־זאָגט — נור ווילדע בעסטיעס! שיסען דאַרף מען זיי; פער־סמ'ען דאַרף מען זיי!

אין דער זעלבער צייט האָט דער באָס אָנגענומען אסתר'ן פאַר'ן האַנד, איהר אַ שלעפּ געטהאָן צו זיך, און מיט טריפה'נע בלי־קען בעטראַכט אסתר'ס האַלז, איהר יונגע ברוסט, איהרע שוואַר־צע פער'חלום'טע אויגען און גענומען שטאַמלען:

— הייסט דאָס... הייסט דאָס... אַז דער פאַרמאַן האָט דיר אַ קוש געטהאָן, האַ?

— אי דער פאַרמאַן, אי דער דעזיינער, אי דער ארבייטער, האָט זיך אסתר בעקלאָגט.

— און געקניפּען אויך? — פרעגט דער באָס.

— יאָ, — ענטפערט אסתר — געקניפּען אויך.

— אײ־אײ־אײ! — האָט זיך דער באָס צוקאַכט — געקניפּען אויך! טאַ זיי אזוי גוט און טהו זיך אויס דאָס ווייסטעל. איך

וויל זעהן די סמנים מיט מיינע אייגענע אויגען. איך בין א בעלן א קוק צו טהאן אויף די צייכענס און זיך איבערצייגען...

— וואס? איהר גלויבט מיר אויך ניט? — פרעגט אסתר מיט טרעהרען אין די אויגען.

— איך גלויב דיר יא... פאר וואס זאל איך דיר עפעס ניט גלויבען?... נאר ס'איז בעסער אז מען איבערצייגט זיך, פערשטעהסט?...

האט אסתר געפאלגט דעם באס און זיך אויסגעטהאן דאס וויסטעל.

אז דער באס האט דערזעהן אסתר'ס קלאהרען האלז, און איהר ווייסען ארעם, האט ער ביי איהר א פרעג געטהאן מיט א נאריש שמייכעלע:

— הע, הע... ווי וואלט געווען, אז איך זאל דיר אויך א קוש טהאן, אט־דא־א, אין דעם גריבעלע פון עלענבויגען? הע, הע... דיר וועט דאס קיין רעה ניט טהאן און איך וועל הנאה האבען...

אסתר איז געבליבען שטעהן ווי א פערגליווערטע! באלד איז זי געקומען צו זיך און מיט כעס א שפיי געטהאן דעם באס גלייך אין פנים איין!

און פערלאזענדיג דעם אפיס האט זי אויסגערופען:

— אלע הינט האבען איין פנים!



# ער בעט אַ „דזשאַב“ פאַר דזשייקאָב שיף.



י פיהלט איהר זיך נאָכ'ן סטרייק? — פרעג איך אַן עלטערען אידען, אַ פּרעסער ביי קלאָוקס — ווי געהט עס אייך ביי דער ארבייט?

— זעהר גוט! — ענטפערט ער — איך אר־בייט, פערדיען ניט שלעכט; בין צופריעדען מיט'ן סעטעלמענט; אַלץ איז גוט. נור.

— וואָס נור?

— איך בין צופריעדען און צופריעדען און דאָך ניט צופריע־דען — טהוט אַ זיפץ דער פּרעסער.

— איך פערשטעה אייך ניט.

— די יוניאָן פערשטעהט מיר אויך ניט. מיין פרוי רופט מיך משוגענער; די לאַנדסלייט לאַכען פון מיר; די קינדער מאַכען חוזק; אָבער איך האַלט זיך ביי מיינס. איך זאָג, אַז מען האָט געגען א י ה ם בעגאַנגען אַ גרויסע עולה.

ער האָט דאָס זיכער ניט פערדיענט ביי אונז, קלאָוק־מאַכער... איך מיין דעם הערין יעקב שיף.

— וואָס פאַר אַן עולה האָט מען געגען איהם בעגאַנגען?

— וואָס מען האָט א י ה ם געלאָזט שטעהן אָהן אַ דזשאָב.

— עפּעס באַלבעט איהר און איך וויים ניט וואָס איהר באַל־בעט. וואָס מיינט איהר, רעדט אָפענע דבורים! איך האָב פיינט האַלבע ווערטער!

— איך מיין אַט־וואָס: די גאַנצע צייט פון דעם קלאָוק־מאַ־כער סטרייק איז יעקב שיף געשטאַנען מיט אונז; גערעדט אויף אונזערע מיטינגען; געטרייעט מאַכען שלום; ג ע ג ע ב ע ן

שטיצע; געזאמעלט שטיצע; געהאט אסיפות מיט'ן סימי מעיר, ניט געגעסען, ניט געטרונקען. צום סוף פּ׳מט זיך צו געהן די יוניאן, איך מיין די פיהרער פון די יוניאן, און סעטלען דעם סטרייק, ארבייטען אויס אלע קאנדישאנס און מען לאזט אונז ווי־סען, אז אלעס איז געסעטעלט און מען הייסט אונז צוריקגעהן אר־בייטען. און מיר געהען, און דוקא מיט שמחה; מיט מיוזיק, און וואס עס איז געווארען מיט אי ה ם, מיט יעקב שיף, ארט קיי־נעם ניט. איהר פערשטעהט א יושר? א מענש ארבייט די גאנצע צייט פאר אונז און, אז ס'קומט צום סעטלען, לאזט מען איהם שטעהן ניט אהער ניט אהין און גאר ניט. עס זאל דאס ווער עס איז א פרעג טהאן וואו ער איז אהינגעקומען? וואס טהוט ער? פון וואו־נען לעבט ער? האט ער אויף שבת? קיינעם קימערט ניט!

איך האב שוין נאכגעפרעגט ביי פערשיעדענע ארבייטער אין וואס פאר א שאפ ער ארבייט, ביי וואס פאר א באס — אבער קיינער וויסט ניט. אלעמען האט די יוניאן בעזארגט, נור ניט איהם. פאר וואס? פאר ווען?

בעקומט מיר טאקע ניט מיין דזשאב. ווי קען איך רוהיג עסען א שטיקעל ברויט, טרינקען א גלעזעל סאדא, פאהרען מיט דער פרוי אין בראנקס פארק, האבען פלעזשור, ווימענדיג, אז יעקב שיף איז געבליבען עלענד ווי אויפ'ן וואסער?

— וואס־זשע ווילט איהר זאל איך טהאן פאר דעם דאזיגען יעקב שיף? — פרעג איך דעם אלטען, עהרליכען, נאאיווען פרע־סער.

— איך וויל, אז די יוניאן זאל אויסגעפינען וואו ער איז, ביי וועמען ער האלט זיך אויף, ארייננעהמען איהם אין דער יוניאן, איהם מאכען פאר א גוטשן עהענדען מעמבער, איהם ארויסגעבען א ביכעל אדער א ווארקינג־קארד און אויסזוכען פאר איהם א שטיקעל דזשאבעל. אז ער וועט זיין פערזארגט, וועט מיר בע־קומען די ארבייט.

— און וואס וועט זיין, אז די יוניאן וועט איהם ניט קענען אויסגעפינען?

— וואָס הייסט דאָס עפּעס ניט קענען? אז מען וויל קען מען! אויף דאָרויף זיינען דאָך פאַראַן פּייפּערס. אז מען געפינט אויס די „פערשוואונדענע מענער“ וואָס געפינען זיך אין אַל־די־שוואַרצע יאָהרען, וועט מען דאָך יעקב שיפ׳ן אודאי אויסגעפינען. די וועלט שלאָפט ניט. מענשען לעזען פּייפּערס.

— האָט איהר שוין געפּרובט אייער פּלאַן איבערגעבען צו דער יוניאָן? — האָב איך איהם געפרעגט.

— שור! — האָט ער אויסגערופען.

— נו?

— גאָר ניט. זיי לאַכען פון מיר; זיי זאָגען, אז זיי קענען איהם, יעקב שיפ׳ן, ניט אריינגעהמען אין דער יוניאָן, מחמת ער איז אַ קאַליקע אַ בעל־מלאכה; אז קיין באָס וועט איהם ניט וועלען האַלטען. מ׳וועט פון איהם האָבען אַ סך טראָבעל.

פרעג איך אייך, איז דאָס אַן ענטפער?

און דער פּרעסער האָט אַ טיעפען זיפץ געטהאָן...



# הערשעל.



ז הערשעל דער שוסטער האט בעקומען א „טאטש“ אויף די לונגען, איז מען באלד אוועק צו זיינעם א ברודער, וואס איז א פרעזידענט אין א פעראיין ער זאל זעהען עפעס העלפען.

האט הערשעל'ס ברודער ערקלעהרט, אז ער אליין האט אויך א „טאטש“ און ער דארף אליין האבען הילף. מען זאל טרייען געהן צו די לאנדסלייט, אפשר וועלען זיי מאכען פאר איהם א שטיקעל בענעפיט.

האט מען זיך געזעהן מיט עטליכע לאנדסלייט. האבען די לאנדסלייט ערקלעהרט, אז זיי אליין געהען אויך ארום מיט א „טאטש“, אז זיי שפייען אלע מיט בלוט... און ס'וואלט געווען א יושר גדול, אז מען זאל זעהן עפעס טהאן פאר זיי אויך. אויב מען קען זיי ניט געבען קיין געלד, זאל מען זיי כאטש אוועקשיקען אין דענווער קאלאראדא און פערזארגען זייערע ווייבער און קינדער.

מעהר פערלאנגען זיי ניט.

דאך האבען זיך געפונען אזעלכע לאנדסלייט, וואס האבען נאך ניט קיין „טאטש“, און זיי האבען זיך אונטערגענומען עפעס טהאן פאר הערשעל דעם שוסטער.

די ערשטע זאך האבען זיי געמאכט א ראפעל. זיי האבען אויסגעראפעלט א טאן קויהלען. אבער קיין ערפאלג איז ניט געווען; פערקעהרט: מען האט נאך צוגעלעגט צום ראפעל א דאלאר מיט א קוואדער.

האָט מען בעשלאָסען צו מאַכען אַ דענס צוזאַמען מיט אַ קאָנ־צערט. האָט מען ווידער דערלעגט — ניט קיין ספק: עלף דאָלאַר.

האָט מען בעשלאָסען מאַכען אַ פּיקניק. איז אין דעם טאָג פון פּיקניק געווען אַ גוס רעגען, און מען האָט דעדלעגט פערצעהן דאָלאַר.

האָט מען בעשלאָסען מעהר ניט צו מאַכען קיינע אונטער־נעהמונגען.

וואָס־זשע זאָל מען פאָרט טהאָן? הערשעל געהט דאָך אוים ווי אַ ליכט? איז דאָ אַ פּלאַן: אַזוי ווי צווישען די לאַנדסלייט געפינט זיך איינער, וואָס מען האַלט איהם פאַר אַ נגיד, אַ איד וואָס פּעדעלט מיט אַמברעלאַס, זאָל אַ קאָמיטע פון זיעבען אַרי־בערגעהן צו איהם און פערלאַנגען שטיצע פאַר הערשלען.

דער פּלאַן איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרוים בעגייסטע־רונג.

אין אַ רעגענדיגען טאָג זיינען מיר אַוועק צו דעם אַמברעלאַר־פּעדלער.

איז ער אין דער היים ניט געווען. זיין פרוי האָט אונז גע־הייסען געהן אין דילענסי סטריט לעבען בריק, ער שטעהט דאָרט מיט אַמברעלאַס.

מיר האָבען איהם געטראָפען, דעם „נגיד"; ער איז געשטאַנען אַ דורכגעווייקטער ווי אַ קאַץ, ניט קיין אָבגעשייוטער און געל ווי וואַקס. אַ שעהנערען פון איהם לעגט מען אין דר'ערד אַריין.

אויסהערענדיג אונזער פערלאַנג, האָט דער אַמברעלאַ פּעדלער געזאָגט:

— עס איז טאַקע אַ רחמנות אויף הערשלען, אַ טאַטע פון זיעבען קינדער, אָבער העלפען קען איך איהם ניט. ערשטענס, האָב איך אויך אַ גרויסע פאַמיליע מפרנס צו זיין, צווייטענס, האָב איך אויך אַ „טאַטש"... און ניט פון היינט אָן; ווען איך האָב גענומען הוסטען און שפּייען מיט בלוט, איז נאָך הערשעל געווען אין בויבעריק.

אויסהערענדיג דעם אמברעלא־פעדלער, רוף איך זיך אב צו איהם:

— אבער איהר זייט דאך ניט קיין שוסטער; איהר זיינט דאך א ביזנעס־מאן, א מענש וואס ווערט געשאצט אין געלד. מיט הונדערט דאלאר וואלט איהר הערשלען געראטעוועט.

— א ביסעל געלד האב איך טאקע. אבער ביז א הונדערטער איז נאך א גאנץ ווייטער מהלך. ווען איך זאל האבען איין מאל אזוי פיעל געלד וויפיעל איך האב, און דאן נאך א צעהן דאלאר, וואלט איך כמעט געהאט א הונדערטער.

אויף מארגען איז זיך די זיבענער קאמיטע ווידער צוזאמענגעקומען און ווידער בעשלאסען צו מאכען אן אונטערנעהמונג. אבער נים מעהר קיין ראפעלס, מיט פיקניקס, נור א מאסקען־באלל.

מיר האבען זיך גענומען צו דער ארבייט, געדונגען א האלל, אדווערטייזט צווישען די לאנדסלייט, אדווערטייזט אין די פייפערס און געווארט מיט אונגעדולד אויף דעם ריכטיגען אבענד.

און דער אבענד איז געקומען.

איצטער הערט וואס אמעריקא איז. אז מיר זיינען געקומען אין האלל אריין, האבען מיר דארט געטראפען א אידישע חתונה: א כלה מיט א חתן, מיט מחותנים, מיט געדעקטע טישען, מיט א רעווערענד. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער האלל־קיפער האט פערדונגען די זעלבע האלל אויף דעם זעלבען אבענד אי פאר אונזער מאסקען־באלל אי פאר א חתונה.

האט זיך ווידער אויסגעלאזט א בוידים. מיר האבען געמוזט אפלעגען דעם באלל.

— און הערשעל וואס מאכט?

— געשטארבען!

— ווען?

— לעצטען שבת...

# טענות פון אַ באָס.



ילט איהר ווערען גראָה און אַלט פאַר דער צייט?
ווילט איהר ארומגעהן מיט „טרעהרען־קישע־לאך“ אונטער די אויגען?
ווילט איהר האָבען אַ געל פּנים ווי וואקס מיט איינגעפאַלענע באַקען?

ווילט איהר האָבען אַ שטערן מיט טיפע איינגעשניטענע קנייטשען?

ווילט איהר זיך אָבמוטשען עטליכע יאָהר און שטאַרבען אין פרעמדע תכריכים?

אויב איהר ווילט אַט די אַלע אויסגערעכענטע „לוקסוסען“, זאָלט איהר „טרייען“ ארבייטען ביי מיין באָס, אין מיין שאָפּ, פאַר מיינע וויידזשעס.

און טאָמער רעדען מיר, ארבייטער, פון אַ סטרייק, איז הי־מעל עפען זיך! מאַכט דער באָס אַזעלכע קולות, אַז מען קען איהם הערען אויף אַ מייל די ווייט.

— סטייטש, — טענה'ט ער, — ווי געהען דאָס מענשען ארונטער סטרייקען אין מיטען דערינען?

וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אַזאַ זאַך? ס'איז דאָך ממש, זאָגט ער, געוואַלד צו שרייען!

אַז איהר ווילט שוין, זאָגט ער, יאָ ארונטערגעהן סטרייקען, טאָ מאַכט עס כאָטש אויפ'ן פריינדליכען וועג: זייט זיך פריהער מיישב מיט מיר. אפשר בין איך גאָר נים צופריעדען? אפשר וויל איך, אַז איהר זאָלט דאָס סטרייקען אייערס אָבלעגען אויף נעקסטען סיזאָן? אפשר וויל איך גאָר אין גאַנצען נים. אַז איהר

זאָלט סטרייקען? איך בין דאָך עפּעס אייערער אַ באָס, צי ניין? איהר ארבייט אַט ביי מיר אין שאפּ אזוי פיעל יאָהרען, די שעהנסטע יאָהרען, די בעסטע יאָהרען, און אז ס'קומט צום סטרייקען געהט איהר סטרייקען אָהן מיין וויסען! וואו איז יושר? וואו איז מענשליכקייט? אמת, איהר האָט געבעטען ביי מיר אַ רעיז; טאַ איז וואָס? איז ווייל איך האָב אייך דעם רעיז ניט געגעבען, דאַרפט איהר שוין דערפאַר סטרייקען מיט מיר? זאָל איך קרענקען אויב איך פערשטעה דאָס! ש'מיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ ווערטה עס האָט היינט אַ דריי דאָלאַרדיגער רעיז? — קיי און שפּיי! מ י ט די דריי דאָלאַר, ווי אָ ה ן די דריי דאָלאַר! געלד איז נאָך ניט אַלץ! און דאָס וואָס איהר האָט פערלאַנגט קירצערע שטונדען איז אויך בלאָטע! אז מען ארבייט אזוי פיעל, ארבייט מען נאָך עטליכע שטונדען. וואָסי? איהר דאַרפט קויפען די צייט אויפ'ן אַרשין? ס'קאָסט אייך טהייער? די צייט געהט דאָך סאַי ווי סאַי אַוועק. טאַ זאָל זי כאָטש אַוועקגעהן ארבייטענדיג!

נאָר אזוי צי אַזוי, געהט מען צוליעב אַזעלכע קלייניגקייטען ניט אַרונטער אין סטרייק! קינדער טהוען אזוי, אָבער ניט טאַטעס פון קינדער. אידען מיט בערד, מענשען וואָס לעזען אַלע טאָג אַ פּייפּער, דאַרפען זיין קליגער.

איך בין געווען זיכער, אז איהר וועט אָהן מיר אַזאַ זאַך ניט בעשליסען; אַז איהר וועט זיך מיט מיר בעראַטהען ווי מיט אַ פריינד. ניט באַלד אַוועקלויפען צו דער „יונע". ווען איהר וואָלט זיך מיט מיר בעראַטהען, וואָלט איך אייך איצט ניט געהייסען אַרונטערגעהן אין סטרייק פאַר קיינע געלד! ניט איצט איז די צייט. איצט, ווען ס'איז דאָ אַ סך ארבייט. ווי לאָזען דאָס מענשען איבער אַ פולען שאָפּ מיט באַנדלאָך און מען געהט סטרייקען. פאַר וואָס ניט סטרייקען אויף דער נאַכט ווען איהר קומט אַהיים פון דער ארבייט? אַנשטאָט צו שפּיעלען זיך מיט די קינדער, סטרייקט מען בעסער! איהר קענט אויך סטרייקען פּסח, שבועות, סוכות, ראש השנה, יום כפור — ווינציג טעג סטאַפּט איהר

דורכ'ן יאהר? — נעהמט מען צונויף אט די לעדיגע טעג און מען סטרייקט זיי אפ. ערשטענס וואלט איהר גאר ניט פערלארען; צווייטענס, וואלט איהר מיר קיין רעה ניט געטהאן.

און ווידער צוריק געשמועסט: וואלט מיך שוין דאס סטרייקען אייערס אזוי ניט פערדראסען, ווען איהר זאלט כאטש ניט ארונטער אלע מיט אמאל, אין איין טאג. וואס, דער טייך ברענט? איהר מוזט דאס דוקא סטרייקען אלע מיט אמאל? דענקט איהר ניט, אז ס'וואלט געווען א סך שעהנער און בעסער און שכל'דיגער, ווען איהר וואלט ארונטערגעגאנגען סטרייקען איינציג־ווייז? יעדע וואך אן אנדערער? ניט דער גאנצער שאפ מיט אמאל? און נאך צורעדען אנדערע שעפער, אז יענע זאלען אויך צושטעהן צו אייך און אייך העלפען סטרייקען? איהר קענט דאך אזוי אבשטעלען אלע שעפער פון ניו יארק אין איין וואך צייט!

דאס הייסט דאך פשוט גענומען און אומגליקליך געמאכט טויזענדער באסעס! אבער ווען איהר וואלט זיך מיט מיר בעראטהען פריהער, וואלט איך אייך געזאגט: „קינדערלאך, סטרייקט ניט! טשעפעט זיך אפ פון די יונגע! ווער קען זי, ווער ווייסט זי? וואס האט זיך די יונגע צו מישען אין אזעלכע זאכען? וואס איז דאס איהרע ביזנעס וויפיעל איהר פערדיענט און וויפיעל שטונדען א וואך איינער ארבייט? וואס דארף זיך איבערהויפט די יונגע ארייננמישען צווישען ארבייטער און באסעס?

זאל איך קרענקען, אויב איך פערשטעה דאס!



# פאר וואס הלל מופט ניט.



לל וואוינט אין דריי רומס, זיינען זיי א מציאה פופ־צעהן דאלאר, אז מען זאל אין זיי ניט וואוינען.

אבער הלל צאהלט פופצעהן דאלאר און וואוינט דוקא יא אין זיי.

ווען איהר זאלט א פרעג טהאן ביי הלל'ס רומס אויב זיי האבען אמאל אנגעזעהען די ליכטיגע זון, וואלטען זיי אייך אנקוקען ווי א משוגענעם. ווי איינער רעדט: מיר הערען דעם ערשטען מאל, אז ס'איז דא א זונן אויף דער וועלט.

הלל מיט זיין פרוי און דריי קינדער זיינען שוין אזוי אב־געוואהנט פון ליכט, אז ווען זיי קומען ארויס אין דרויסען בעת די זונן שיינט, פערזשמורען זיי באלד די אויגען...

אויך ליידען זיי פון ראמאטעס: דעם ציהט א האנד, יענעם א פוס, איינעם א פלייצע, איינעם אן אקסעל.

רופט מען א דאקטאר, זאגט ער: די רומס זיינען שולדיג.

פרעגט מען א בעקאנטען, זאגט ער אויך, אז די רומס זיינען שולדיג. די פרוי טענה'ט אויך, אז די רומס זיינען שולדיג.

טא פאר וואס זשע מופט ער ניט?

ווייס קיינער ניט. מען ווייס בלויז, אז ער און די פרוי און די קינדער ליידען אויף די אויגען און האבען ראמאטעס...

איינמאל פרעגט איהם די פרוי: הלל, וואס וועט זיין דער סוף? ראמאטעס האבען מיר, בלינד ווערען מיר, טא לאמיר ארויסמופען.

זאגט ער: אלעס יא, נור ניט מופען.

— פאר וואס?

— אזוי, איך מוז ניט!
— ווייסט דאך אבער בלינד ווערען.
— וועל איך.
— ווייסט דאך שטארבען פון ראמאטעם?
— וועל איך!
— און דיין פרוי און קינדער זיינען ביי דיר גאר ניט?
— גאר ניט.

נעהמט די ארימע פרוי זוכען פלענער ווי אזוי ארויסצוקריגען איהר מאן פון די פינסטערע רומס. פאלט איהר איין, אוועקגעהן צום לענדלארד און איהם אנהעצען ער זאל איהר מאן העכערען די רענט: אנשטאט פופצעהן דאלאר א חודש, זאל ער זיך הייסען געבען זיבעצעהן דאלאר. זי האט גערעכענט, אז איהר הלל וועט קיין זיבעצעהן דאלאר ניט ווען צאהלען פאר אזעלכע רומס, וועט ער ארויסמופען.

אבער עס האט ניט געהאלפען. הלל צאהלט מיט צוויי דאלאר מעהר.

זעהט דער לענדלארד, אז הלל שטעלט זיך ניט אפ אויף א פאר דאלאר, געהט ער און העכערט אליין נאך א דאלאר.

צאהלט שוין הלל אכטצעהן דאלאר.

שרייען דאך אלע שכנים: סטייטש! ווי צאהלט דאס א איד אכטצעהן דאלאר פאר דריי פערפעסטעטע רומקעס? למאי מופט איהר ניט ארויס?

ענטפערט הלל ווידער קורץ און שארף:

— איך מוז ניט.

דערזעהט הלל'ס ווייבעל, אז ער צאהלט שוין אכטצעהן דאלאר, פערדריסט דאס איהר און זי פרעגט איהם:

— הלל, וואס טהוסטו?

— ניט דיינע ביזנעס — ענטפערט הלל.

געהט זי ווידער אוועק צום לענדלארד און גיט איהם ווידער אן עצה צו העכערען איהר מאן די רענט.

לאָזט זיך דער לענדלאָרד קיין סך ניט בעטען און העכערט איהם נאָך צוויי דאָלאַר.

הלל צאָהלט.

הקיצור, דער לענדלאָרד האָט שוין אַרויפגעטרייזט אויף איין און צוואַנציג דאָלאַר און —

הלל צאָהלט.

— ניט אַנדערש — זאָגען זיינע פריינד — אַז הלל איז חסר דעה, ניט ביים זינען...

בלייבט, אַז מען זאָל די זאַך אונטערזוכען און אויסגעפינען פאַר וואָס הלל וויל ניט אַרויסמופען פון די רומס.

און אַט וואָס מען האָט אויסגעפונען: קעגענאיבער זיין בעדרום געפינט זיך די באַד־רום פון צווייטען הויז. און אַ פּאָר מאָל אין וואָך נעהמט זיך דאָרטען אַ ווייבעל אַ וואַנע. אַ שעהנע ווייבעל מיט שוואַרצע האָאָר, מיט אַ ווייס קלאָהר לייב ווי געפּאָלענער שנעע. ווען זי נעהמט זיך אַ וואַנע, זעהט הלל פון זיין בעד־רום ווי דאָס ווייבעל מהוט זיך אויס, ווי זי געהט אַריין אין וואַסער. און אַט די ווייבעל האַלט איהם צוגעבונדען צו די רומס.

אויסגעפונען די געשיכטע, איז מען באַלד אַריינגעגאַנגען צו דער ווייבעל און איהר דערצעהלט אַזוי און אַזוי: דורך אייך וועלען פינף נפשות בלינד ווערען. אָדער מופט אַרויס פון דאַנען, אָדער פערהענגט דאָס פענסטער.

האָט זי אָנגענומען די צווייטע עצה און צוגעפיקסט אַ פאָר־הענגעל.

אַז הלל האָט דערזעהן דעם פאָרהענגעל, האָט ער אַ זאָג גע־טהאָן צו זיין פרוי:

— חוה, שבת געהען מיר זוכען רומס!



## אַ קליינינקייט, אונטערשרייבען אַ נאָמען!



יך האָב אַמאָל געהאַט אַ באַס איז ער געווען אַ חכם פון דער מה נשתנה.

אז ער האָט אַמאָל גערארפט אונטערשרייבען זיין נאָמען אויף אַ טשעק, האָט זיך אפגעטהאָן חושך. ער האָט ארויסגעטריבען פון הויז זיין פרוי, די קינדער, דאָס דיענסט־מיידעל, פערמאכט אלע טהירען און פענ־סטער, קיין גערויש זאָל איהם ניט שטערען. (זומער פלעגט ער לאָזען לויפען די עלעקטרישע פעכערס, עס זאָל איהם זיין קיהלער).

— אונטערשרייבען אַ נאָמען, — פלעגט ער זאָגען — איז ניט קיין קליינינקייט; דאָס איז אַ קאַטאָרזשנע ארבייט. צו דעם דארף מען האָבען אי צייט, אי כח.

אז ער איז געבליבען אליין אין הויז, האָט ער אַרונטער־געוואָרפען פון זיך דאָס היטעל, דאָס רעקעל, די וועסט, דעם קאַלער מיט דער נעקטאַי; פערקאַשערט די אַרבעל, אַוועקגעלייגט אַ ווייך קישעלע אויפ׳ן טשער, זיך אַוועקגעזעצט, אַנגעשפיגען אין דער רעכטער האַנד, ארויסגענומען פון שרייב־טיש אַ גאָלדענע פאַנטען פען, אָנגעפילט איהר מיט טינט און זיך גענומען צו דער ארבייט: אונטערשרייבען דעם טשעק.

אָבער דאַ האָט זיך אָנגעהויבען פאר איהם אַ סדרה פון מאַ־טערניש! עפעס איז איהם תמיד געווען די „ליין“ פאר זיין נאָמען צו קורץ...

למשל: געהייסען האָט ער שייקע קאַנטראַוויץ. פלעגט זיך דער שייקע קאַנטראַ אַוועקשטעלען און דער וויץ — ניט. דעם „וויץ“ האָט ער שוין געמוזט צושרייבען אויפ׳ן טיש...

חוץ דעם האט ער געהאט אנדערע צרות: עס פלעגט קלעקן...
איידער ער האט זיך נאך ריכטיג צוגעריהרט, פלעגט באלד פון שפיץ־פעדער ארונטערקאפען א שווארצער טראפען טינט גלייך אויפ'ן טשעק ארויף און אנמאכען א חורבן! ביי איהם אליין פלעגט אלצדינג זיין איינגעשמירט אין טינט: די פינגער, די שפיץ נאז, די הויזען, דאס ווייסע העמד און דער גאנצער שרייב־טיש.

אז ניט, האט זיך זיין גאלדענע פאנטאן־פען איינגעשפארט און גאר ניט געוואלט ארבייטען: אדער זי האט געשניטען דאס פא־פיער; אדער זי פלעגט נעהמען שפריצען... אדער גאר ניט שרייבען.

פלעגט ער ווערען אין כעס און נעהמען שטארק פרעסען די פען; האט זיך דער שפיץ פון פעדער מישב געווען, און זיך פאנאנ־דערגעשפרייט אזוי ווי פראנץ־יאזעף'ס באקען־בערד... איין שפיץ אהער און דער אנדערער — אהין...

הכלל ער האט געהאט צו זינגען און צו זאגען!

קוים מיט צרות, מיט מאטערנישען, פארטיג געווארען מיט'ן אונטערשריפט.

דאן האט ער זיך אבגערוהט אביסעל; אפגעצויגען דעם אטהעם און איינגענומען עפעס צום שטארקען.

געקומען צו זיך, האט ער געעפענט דאס פיינסטער, ארייג־גערופען צוריק זיין פרוי און קינדער און דאס דיענסט־מיידעל

— איך בין שוין פארטיג! — האט ער אויסגערופען מלא שמחה. — קומט ארייז!

איינמאל האט זיין דיענסט־מיידעל א זאג געטהאן צו איהם:

— מיסטער קאנטראוויץ, דעם צווייטען מאל, אז איהר וועט דארפען אונטערשרייבען א טשעק, לאזט מיר וויסען פריהער, וועל איך דערוויילע אוועקפאהרען צו מיין מאמען אין באסטאן אויף א פאר וואכען...

אט אזוי פלעגט מיין געוועזענער באס הארעווען שווער און ביטער ביז ער האט אונטערגעשריבען זיין נאמען אויף א טשעק...

## גמלות חסדים...



רשון איז א איד אהן א בויך. **דער יקרות האט ביי איהם צוגענומען דעם גאנצען בויך...**

ער איז א טאטע פון פינף קינדער און א מאן פון א בלאסע פרוי, וועלכע מען רופט אסתר גרשון'ס. און גרשונ'נען אליין רופט מען גרשון שלמה זלמנ'ס. און זיין טאטען האט מען גערופען שלמה זלמן מנחם יונה'ס.

דא אין אמעריקא איז ער, גרשון, אן ארבייטער און אן ארי־פאן.

מען רעכענט איהם פאר דעם גרעסטען אביון אין בלאק.

ס'איז אפילו פאראן נאך איינער, גרשון'ס א חבר, אבער יע־נער איז בעסער אפ: ער געהט בעטלען... אבער גרשון זיצט אין דער היים. ער שעהמט זיך: „איך קען ניט בעטלען" — זאגט ער — „איך וויל ארבייטען".

דערווייל האט זיך אונטערגערוקט דער ערשטער און קיין דירה געלד איז ניטא. וואס טהוט מען? וואס פאר אן עצה גיט מען זיך?

זאגט די פרוי: גרשון, מע'זאגט אז ס'איז פאראן אזא סאָ־סייעטי וואס בארגט אוים געלד צו ארימע לייט. א מין גמלות חסדים. געה אהין, אפשר וועט מען דיר אויך בארגען א צעהן דאלאר.

געהט גרשון אהין. שטעהט ער דריי שעה אין „ליין". און ווען ער קומט שוין צו צום פענסטערל, זאגט מען איהם אז ער מוז האבען צוויי „גוט־זאגערס".

לויפט גרשון ארום א גאנצען טאג צווישען זיינע לאנדסלייט ביז ער קריגט צוויי גוט־זאגערס.

לויפט ער אוועק צוריק מלא שמחה, שטעהט ווידער דריי שעה אין „ליין”, קומט צו צום פענסטערעל, גיט איבער די נעמען פון די גוט־זאגערס.

פרעגט איהם דער בעאמטער, אויב די גוט־זאגערס זיינען ביזנעס־לייט.

ענטפערט גרשון: „ניין, זיי זיינען פשוט'ע עהרליכע אר־בייטער”.

— אויב אזוי, איז אן עבירה אייער לויפען מיט אייער טרייען! איהר וועט קיין צעהן טולער ניט קריגען; די גוט־זאגערס מוזען זיין ביזנעס־לייט אדער לענדלארדס.

— סטיטשע, טענה'ט גרשון, וואו זאל איך קריגען ביזנעס־לייט אדער לענדלארדס? וואס פאר א מחותן בין איך מיט זיי?

— באדערט ניט! — רופט אויס דער בעאמטער — לאזט צו אנדערע מענשען.

— מע'וועט דאך מיר אבער ארויסשטעלען אין גאס מיט מיין פרוי און קינדער — וויינט גרשון.

— מיר קענען זיך גאר ניט העלפען! — ענטפערט דער בע־אמטער — אויף וואס קוקענדיג זאלען מיר אייך לייען צעהן טולער? אז איהר אליין האט ניט א סענט ביי דער נשמה: קיין הייזער האט איהר ניט; קיין געלד אין באנק האט איהר ניט; קיין ביז־נעס האט איהר ניט; די גוט־זאגערס אייערע זיינען קבצנים, ארבייטער; טא ווי קענען מיר אייך בארגען צעהן טולער? ווען איהר וואלט געווען א לענדלארד, א באס, א רייכער מענש, וואל־טען מיר א ווארט ניט גערעדט, אבער אזוי — ווי קענען מיר אייך געטרויען?

— דאס הייסט, אז איהר לייהט בלויז געלד צו אזעלכע מענ־שען, ווי דזשייקאב שיף, מארגאן, ראקעפעלער.

— אלבעטשע! — ענטפערט דער בעאמטער — און שפיעלט

זיך מיט'ן גילדערנעם קייטעלע פון זייגער — אַלבעטשע, מיר וואָל־טען זיי געליהען, נאָר דוקא זיי קומען ניט...

גרשון האָט געוואָלט עפּעס ענטפערען, אויסגיסען זיין ביטער האַרץ, אָבער ער האָט שוין קיין מעגליכקייט ניט געהאט: דער איד, וואָס איז געשטאַנען הינטער איהם, אויך אַ קבצן, האָט איהם אוועקגעשטופּט פון'ם פענסטער'ל.

— — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען איז שוין גרשון געווען ארויסגעשטעלט אין גאַס. לעבען איהם איז געשטאַנען זיין פאַרניטשור און לעבען די פאַר־ניטשור — זיין ווייב, און לעבען זיין ווייב — זיינע קינדער און לעבען די קינדער — אַ טעלער, און אין טעלער זיינען געלעגען ניינצעהן פענים מיט אַ קענעדער דאַים...



# ווי אזוי מיין בוטשער מאָהנט אַ חוב.



אָס דאַרפט איהר זיך אָפּעסען דאָס הארץ מיט אייער פּאַרמאַן? וואָס מאַכט איהר אַ וועזען פון אַזאַ חיה? וואָס טענה'ט איהר זיך אוים מיט איהם ווי מיט עפּעס רעכטס? דאָס אליין וואָס איהר, אַזאַ פיינער מאַן, רעדט מיט איהם, מאַכט איהם שוין דענקען, אַז ער איז אַ גאַנצער מאַכער.

אין סך הכל איז ער ניט מעהר ווי אַ פּראָסטער נפש. אַ פּאָר־מאַן, אַן אויסוואורף.

מיט אַזעלכע חברה דאַרף מען קיין קונצען ניט מאַכען. מען דאַרף זיך אָברעכענען מיט זיי ווי איך, אַ פּראָסטער בוטשער, האָב זיך מיט איהם אָבגערעכענט.

פאַר־אַ־יאָהרען איז דאָס געווען. געוואוינט האָט ער דאָס דריטע הויז פון מיר. זיין אידענע, אַ גראָבע שטיק פלייש מיט אויגען, האָט גענומען די בעסטע פלייש ביי מיר און די בעסטע טשיקענס. האָט זי ניט בעצאָהלט יעדע וואָך, ווי עס בעצאָהלען פּשוט'ע ארבייטער־פרויען, נור יעדען חודש. פלעגט זיך אזוי ביי מיר אָנקלייבען פינף און צוואַנציג און דרייסיג דאָלאר. האָט ער זיך איינמאָל געפוילט צו בעצאָהלען. האָט זיך שוין אויפ'ן צווייטען חודש אָנגעקליבען ארום זעכציג דאָלאר. בין איך אוועק מאָהנען. האָט דער פּאַרמאַן מיך אָבגעלעגט אויף מאָרגען, אויף איבערמאָרגען, אויף איבער־איבערמאָרגען. דערווייל האָט זיך אָנגעקליבען נאָך פינף און צוואַנציג דאָלאר.

איינמאָל דערהער איך, אַז דער חברה־מאַן האָט ארויסגעמופט אין אַן אַנדער גאַס און ער נעהמט שוין פלייש ביי אַן אַנדער בוטשער. שיק איך אַהין מיין פרוי איינמאָהנען דאָס געלד.

קומט זי צוריק.

— וואָס הערט זיך?

— ער וויל ניט בעצאָהלען.

— וואָס הייסט ער וויל ניט בעצאהלען? — און דאס האַרץ געהמט קאַכען פאַר רציחה.

— ער זאָגט, אַז די הינער זיינען ניט געווען קיין ריכטיגע „ספּרינג“. אַז מען האָט איהם גענאַרט.

האָט עס מיך אַ ברען געטהאָן און איך בין אַליין אוועק צו איהם.

אַרויפגעהענדיג די טרעפּ, איז מיר זיין דיענסט־מיידעל אַקעגען־געקומען און מיך געפרעגט וואָס איך וויל.

— איך וויל, זאָג איך, זעהן דעם מיסטער.

— דער מיסטער איז איצט נישטאָ אין דער היים.

— מילא, נישטאָ איז נישטאָ. הלואי זאָל ער אין גאַנצען אויף דער וועלט ניט זיין. וועלען מענשען קיין גריזאַמע ניט האָבען, — טראַכט איך מיר.

דאָ האָב איך פּלוצים דערהערט זיין קול... איז ער דאָך, הייסט דאָס, יאָ דאָ אין דער היים. וואָס־זשע בלאָפט מען? דאָס דיענסט־מיידעל האָט זיך פערשעהמט. „דער בעל הבית“, זאָגט זי, „האָט איהר אַזוי געהייסען זאָגען. זי איז ניט שולדיג“... „איך וויים, זאָג איך, אַז דו ביזט ניט שולדיג. אַז מ'דיענט ביי אַ ליגנער ווערט מען אַליין אויך אַ ליגנער“. און איך האָב זי אָבגע־שטופּט אָן אַ זייט און איידער וואָס־ווען, בין איך שוין געווען אין קיטשען. איך טהו אַ קוק — מיין בחור זיצט און טרינקט קאַווע און פערבייסט מיט רעטשענע לאַטקעס, געפּרעגעלט אויף פּוטער.

אַז ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער אַ קריץ געטהאָן מיט די צייהן און אַ רעטשענע לאַטקע איז איהם שטעקען געבליבען אין האַלז. געקומען צו זיך, פרעגט ער מיך, וואָס איך וויל. איך וויל, זאָג איך, זעהן צי איהר זייט אין דער היים... מחמת אייער דיענסט־מיידעל האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זיינט איצט נ״שטאָ

אין הויז... צווייטענס, ווייל איך האבען מיין געלד. שוין צייט, כ'לעבען, אז איהר זאלט מיר בעצאהלען!

זאגט ער (אין ענגליש): די טשיקענס זיינען נים געווען קיין אמת'ע „ספרינגס“ און די קאטשקעס... און די גענז... און... און...

האב איך איהם מעהר נים געלאזט רעדען און האב איהם, ראשית געמאכט אן ענגלישען „מי שבירך“ (זאל ער זעהן, אז איך קען אויך ענגליש).. נים געזשאלעוועט קיין ווערטער. האט ער שוין גענומען שרייען אין אידיש, אין פראסט מאמע־לשון:

— ארויס פון מיין הויז! ארויס פון מיין שטוב! און ער לויפט צו צו מיר מיט א קולאק. דא בין איך שוין ארויס פון די האלאבלעס אויפ'ן גרויסען אופן און איהם געוויזען, אז א קצב איז נאך „עניטיים“ אזוי שטארק ווי א חזיר'שער פארמאן. און דארט וואו עס קומט צו דערלאנגען, דארף איך, א דאנק דעם אויבערשטען, קיין לעקאנס נים נעהמען. הלואי ווייטער! און איך האב נים געווארט אויף קיין „אינוויטיישאן“ און איהם דערלאנגט אזא פלעם איבער'ן שנוק, אז ער איז געווארען א צוטומעלנער. און טאקע באלד צוגעגעבען עטליכע טרוקענע קלעפ, אונטערגעהאקט איהם די זייטען. די פרוי זיינע האט געשריען, מיך גערופען „גנב“, „אנזעצער“, „מערדער“, און ער אליין האט גערימשעט ווי א געקוילעטער אקס. בלויז דאס דיענסט־מיידעל האט געשוויגען. עס האט איהר, א פנים, הנאה געטהאן...

דעם טאג איז שוין דער ממזר צו דער ארבייט נים געגאנגען. דעם טאג איז ער געלעגען איינגעוויקעלט אין קאלטע קאמפרעסען און געפאכט מיט דער נשמה...

דערפאר זאג איך, אז מיט אזא נפש דארף מען זיך נים אפעסען דאס הארץ.



# אַ נאַר איז געשטאָרבן...



יך האָב ערגעץ־וואו געלעזען אזא מעשה'לע:

אַמאָל איז געווען אַ גרויסער נאַר. דער נאַר איז געווען אַן אָרימאַן, אַן אביון.

פערשטעהט זיך, אַז ער האָט געהאַט אַ ווייב מיט קינדער, וועלכע האָבען קיין מאָל ניט געליטען פון די מאַגענס, נאָר די מאַגענס האָבען געליטען פון זיי...

איינמאָל איז דער נאַר קראַנק געוואָרען. עס האָט איהם אָנגעהויבען צו שטעכען אין די זייטען. אזוי שטעכען, אַז ער האָט שוין מעהר ניט געקענט אריבערטראָגען.

איז ער אוועק צום רופא. האָט איהם דער רופא געזאָגט, אַז מען מוז איהם שטעלען פּיאַווקעס.

האָט דער נאַר געפרעגט: „וויפיעל?“

האָט איהם דער רופא געענטפערט: „וואָס מעהר איז בעסער“.

— וואָס־זשע וועט דאַן זיין? — האָט געפרעגט דער נאַר.

— גאַרנישט וועט זיין! — האָט דער רופא געענטפערט — די פּיאַווקעס וועלען ארויסציהען פון אייך דאָס בלוט...

— אַ סך?

— וויפיעל איהר האָט.

— וועט דאָס מיר העלפען?

— אָדער יאָ, אָדער ניין.

— וויפיעל דאַרף עס מיר קאָסטען?

— צוויי דאָלאַר.

— ניט ביליגער?

— ניין.

— איך האב דאך אבער ניט קיין סך בלוט.

— דאס מאכט ניט. ווען איהר וואלט געהאט מעהר בלוט, וואלט איך צוגעשטעלט נאך א פאר פיאווקעלעך...

איז דער נאר אהיים געלאפען, פערמשכנ'ט זיין שבת'דיגע קאפאטע און דאס געלד אוועקגעגעבען דעם רופא.

האט איהם דער רופא אויסגעטהאן האלב־נאקעט, בעלעגט דעם קערפער מיט פיאווקעס און איז אוועק אין שוהל דאווענען.

שטעהענדיג אויפ'ן שוועל האט דער רופא אנגעזאגט זיין זוהן, אז אין צעהן מינוטען ארום זאל ער ארונטערנעהמען פון דעם נא־רישען אידען די פיאווקעס. אז ניט, וועט דער נארישער איד בלייבען אהן א טראפען בלוט און ער וועט שטארבען.

אז ער איז אוועק, האבען זיך די דורשטיגע פיאווקעס א נעהם געטהאן מיט שמחה צום נארישען אידען.

די פיאווקעס האבען שוין לאנג־לאנג ניט געהאט אזא טייערע סעודה!

אין צעהן מינוטען ארום איז דער רופא'ס זוהן צוגעגאנגען צום נאר.

— וואס ווילסטו? — האט איהם דער נאר געפרעגט.

— איך וויל ארונטערנעהמען פון אייך די פיאווקעס. דער טאטע האט אנגעזאגט, אז מעהר ווי צעהן מינוט זאל איך ניט לאזען די פיאווקעס זויגען אייער בלוט. טאמער זויגען זיי לענגער, בלייבט איהר א טויטער.

האט דער נארישער איד געמיינט, אז דער רופא וויל איהם בעשווינדלען, אז ער פערגינט איהם ניט דאס גרויסע פערגעניגען...

דער נאר האט ניט פערשטאנען, אז דער רופא איז אויסען זיין טובה...

א נאר פערשטעהט קיינמאל ניט, אז ער איז א נאר.

הכלל, דער נאר האט זיך ניט געלאזען ארונטערנעהמען די בלוט־זויגער פון זיין קערפער. פערקעהרט: ער האט נאך בע־שלאסען אבנארען דעם רופא: „כאפען א מציאה“.

וואס־זשע האט ער געטהאן, דער נאר? ער האט געפּרובט „אונטערקויפען דעם רופא'ס זוהן. ער האט איהם צוגעזאגט א מתנה, ער זאל לאזען די פּיאווקעס נאך א ביסעל זויגען זיין בלוט... „נישקשה" — האט זיך דער נארישער איד געבעטען — „נישקשה, דיין טאטע וועט ניט ברלות ווערען, ווען די פּיאווקעס וועלען זויגען נאך א ביסעל בלוט"...

דעם רופא'ס זוהן האט זיך ניט געלאזט אונטערקויפען. „איך בין אייך מוחל אייער גרויסע מתנה. דאס לעבען פון אייער פרוי און קינדער איז מיר טהייערער פון אלעס" — האט דעם רופא'ס זוהן גע'טענה'ט.

אבער דער נ א ר איז געבליבען נ א ר. ער האט ניט גע־לאזען ארונטערנעהמען פון זיך די פּיאווקעס.

ווען דער אלטער רופא איז געקומען פון שוהל, איז שוין דער נאר געלעגען טויט. ער איז געשטארבען ביים רופא אין הויז.

דער קלוגער רופא האט א זיפץ געטהאן: „געלעבט ווי א נאר און געשטארבען ווי א נאר!"

און דעם רופא'ס זוהן האט א שמייכעל געטהאן:

„א נאר זאל גאר ניט געבוירען ווערען!"...

— — — — — — — — — — — —

אז מען האט געלאזט וויסען דעם נאר'ס פרוי, אז איהר מאן איז געשטארבען, האט זי גאנץ רוהיג געענטפערט: „איך האב גאר ניט פערלארען; אזא נאר קען איך צו יעדער צייט קריגען; עס פעהלען ניט אוים קיין נאראנים; די וועלט פערמאגט מעהר נא־ראנים ווי מענשען..."

**די איינציגע וואס האבען שטארק בעדויערט דעם נאר'ס טויט זיינען געוועזען די פּיאווקעס...**



# דער אלטער סטרייקער.



לע שניידער קענען איהם, דעם אלטען האָריפאַסניק מיט'ן ווייסען קאָפּ, מיט דער זילבערנער באָרד מיט די בלאָה־אָדערדיגע הענד וואָס קוקען אוים ווי לאַנד־קאַרטעס.

און כאָטש ער האָט אַ ווייסע באָרד, בעזיצט ער פונדעסטוועגען אַ יונגע נשמה, און יונגע לעבעדיגע אויגען. אין וועלכע עס פלאַמט אַן אייביג פייערל.

צווישען די ארבייטער איז ער זעהר בעליעבט. אז ער האָט צייט און פיהלט זיך אויפגעלעבט, דערצעהלט ער די ארבייטער פרעהליכע מעשה'לאך וועגען וועלט־בעריהמטע אידישע וויצלער.

ער אליין איז אַן עלענדער; עלענד ווי אַ בלעטעל וואָס דער ווינד טרייבט עס ארום.

זיין פרוי איז שוין דרייסיג יאָהר טויט. איין זוהן האָט ער געהאַט, איז ער געשטאָרבען.

פערציג יאָהר איז שוין ר' זלמן אין אמעריקאַ. ער איז שוין געוועזן אַן אפּרייטאָר, אַ פּרעסער, אַ סעמפּעל־מאַכער און אַ פאָר־מאַן.

ווען ער האָט צום ערשטען מאָל געסטרייקט, זיינען נאָך אַ סך פון די היינטיגע סטרייקערס אויף דער וועלט ניט געוועזן. ער איז טאַקע שטאָלץ מיט דעם.

אז דער לעצטער סטרייק האָט אויסגעבראָכען, איז ר' זלמן, פונקט ווי אלע מאָל, באַלד אַרונטער צוזאַמען מיט אלע זיינע ברי־דער. און פונקט ווי אלע מאָל איז ער געוועזן בעגייסטערט און פונקט ווי אלע מאָל געוועזן דער בעסטער פּיקעט.

ער פלעגט שטעהן אויף דער וואך ווי א טרייער איבערגע־בענער סאלדאט. ניט אראבגעלאזט אן אויג פון דעם אריינגאנג אין שאפ; געהיט, אז סקעבס זאלען זיך ניט אריינכאפען.

איך האב ר׳ זלמנ׳ען געהערט רעדען פאר זיינע ברידער, די סטרייקערס. ער האט גערעדט מיט פייער; יעדעס ווארט האט געפלאקערט; און גערעדט האט ער פשוט, ניט מיט קיין בלומען־שפראך.

„ברידער און שוועסטער!" — האט ער אויסגערופען מיט א הארציגער שטימע — „ברידער און שוועסטער! שבעה עשר בתמוז ביז איך אלט געווארען צוויי און זיבעציג יאהר!

„בעת איך בין אלט געוועזן אכט יאהר, האט מיך מיין טאטע פון חדר ארויסגענומען און מיך פערקויפט צו א שניידער אויף פינף יאהר: דריי יאהר זאל איך ארבייטען אומזיסט; דאס פיערטע יאהר דארף איך קריגען עסען און דאס פינפטע יאהר דארף איך קריגען עסען און א פאר שטיוועלאך און אכט רובעל!

„און אזוי ווי איך בין איצטער אלט צוויי און זיבעציג יאהר, הייסט דאס, אז איך בין שוין פיער און זעכציג יאהר א שניידער.

„פיער און זעכציג יאהר ווי איך ארבייט מיט דער נאדעל!

„אין אמעריקא בין איך שוין פערציג יאהר. אונטער דער צייט האב איך שוין געסטרייקט עטליבע מאל אין ניו יארק; עטליבע מאל אין פילאדעלפיא, שיקאגא, קליוולענד, דעטראיט, מאנטרעאל און אומעטום בין איך געוועזן דער ע ר ש ט ע ר אין די רייהען; דער ע ר ש ט ע ר געקעמפפט פאר מיינע ברידער־ארבייטער און פאר דער יוניאן!

„איצטער שטעה איך ווידער אין קאמפף מיט אייך געגען אונזערע באסעס; געגען די, וואס ווילען צושמעטערען אונזער מאכט, אונזער פעסטונג!

„אבער עס וועט זיי ניט געלינגען! מיט א מעסערעל קען מען קיין וואלד ניט אויסשניידען! מיט א יארמולקע קען מען דעם ים ניט פערשטאפען!

„אפילו דער הונגער איז געגען אונז מאכטלאז! אונזערע

מענשען קען מען מיט קיין הונגער ניט סטראשען; ווען מיר האבען געהונגערט, זיינען נאך א סך פון די היינטיגע באסעס גע־ווען בייסטען־פולערס!

אז מיר דארפען סטרייקען, איז פאר אונז א בייגעל א טאג א רייכער מאלצייט; איז פאר אונז סינק־וואסער דער טהייערסטער שאמפאניער!

„דער הונגער טאר אונז ניט מאכען פאר קיין שקלאפען; בעסער שטארבען אין מיטען גאס אלס עהרליכע שטאלצע סטרייקערס איידער זאטע און בעזיעגטע שקלאפען אין די שעפער!“

אט דאס איז געווען די רעדע פון דעם צוויי און זיבעציג יעה־ריגען סטרייקער.

שפעטער האב איך אויסגעפונען, אז דער גרייז־גרויער סטרייקער האט געהאט אנגעגרייט א שטיקעל לייוונד אויף תכריכים, האט ער דאס פערקויפט, כדי ער זאל האבען עטליכע סענט צו דער־האלטען זיין נשמה.

ער האט פערקויפט די תכריכים און געקויפט ברויט — — —

„אז דער סטרייק וועט געוואונען ווערען“ — האט דער אל־טער ר׳ זלמן געזאגט — „וועל איך אין סיזאן־צייט אפשפארען אויף אנדערע תכריכים“.



# אַבגעטהאָן דעם לענדלאָרד.



י דאָזיגע מעשה האָט מיר דערצעהלט מיינער א לאַנדסמאַן.

איך בין ניט מעהר ווי אַ פּראָסטער שניידער — האָט ער אָנגעהויבען — אָבער אַ שניידער, פון די שניידערס, וואָס דריי חדשים אין יאהר ארבייטען זיי, דריי חדשים סטאַפּען זיי, דריי חדשים געהען זיי ארום ליידיג, און דריי חדשים קרענקען זיי — האָסטו צוזאַמען צוועלף חדשים.

און אויב דאָס דאָזיגע יאהר איז אַן עיבור־יאָהר, סטאַפּ איך נאָך אַ חודש.

פאַלט מיר איין: וואָס טויג מיר זיין אַ באָרדער, זיך ארומ־וואַלגערען אין פרעמדע בעד־רומס, ביי פרעמדע מיסיסען און כאַ־פּען אַלע מאַנטאַג און דאָנערשטאַג קלעפּ פון אַן אַנדער מיסטער.

כאַפּט זיי אַלע דער קלאָג! איך קען דאָך אויספיהרען חתונה האָבען און זיין אַליין אַ מיסטער, און האָבען אַן אייגענע מיסיס און אייגענע באָרדערס.

וואָס קען איך דאָ פערלירען? אַז סאַי ווי סאַי האָב איך ניט וואָס צו עסען און וואו צו שלאָפען, טו זאָל איך כאָטש זיין אַ פערהייראַטהער.

ווער איך בעקאַנט אין שאָפּ מיט אַ מיידעל, ניט קיין מיאוס'ע, ניט קיין שעהנע.

פרעג איך זי, אויב זי ליעבט מיך, אויב זי וויל מיך, אויב זי וויל מיט מיר חתונה האָבען און זיין אַ מיסיס און האַלטען באָר־דערס און וואַשען וועש און זויגען קינדער און פערשוואַרצט ווערען?

זאָגט זי: יאָ, איך וויל, ווייל אין שאָפּ איז נאָך ערגער.

דאַן פרעגט זי מיך: האָסטו עפּעס געלד?

זאג איך: ווען ראקעפעלער זאל האבען מיין געלד, וואלט ער משוגע געווארען.

— און דו — פרעג איך — האסט עפעס געלד?

— דרייסיג דאלאר, — זאגט זי — און ווייזט מיר דאס באנק־ביכעל.

— אויב אזוי, — זאג איך — זיינען מיר דאך גאנצע מיליאנערען! קענען מיר דאך שוין חתונה האבען!

זאגט זי: איך האב ניט דאגעגען.

האבען מיר באלד, דעם זעלבען טאג, אויפגעזוכט דריי רומס פאר עלף דאלאר א מאנאט. דאן זיינען מיר אוועק אין א פארניטשור סטאר און איינגעקויפט פארניטשור: א בעט מיט א סיידבארד, מיט א שפיעגעל, מיט א טיש, מיט בענקלעך, מיט אן אוילקלאטה, מיט פיקטשורס פאר די ווענט און פיגורען פאר'ן מענטעל־פיעס.

איינגעצאהלט האבען מיר פינף דאלאר און אבגעמאכט צו צאהלען צוויי דאלאר א וואך.

דאן האבען מיר ארייגגענומען א נייה־מאשין, א פאנאגראף און — חי געלעבט!

דאן האב איך א רוף געטהאן מיין פעטער לייבוש און מיין כלה האט א רוף געטהאן איהר פעטער זלמן. אוןביידע פעטערס האבען געבראכט צו שלעפען עפעס א ביליגען מסדר קדושין אין א סטאוו פייפ, און דער מסדר־קדושין האט געשיקט נאך א שמש מיט א חופה, און אויף דער נאכט, ארום אכט א זייגער, בין איך שוין געווען א פערהייראטהער.

אויף מארגען האבען מיר שוין געהאט פערדונגען די פראנטרום פאר צוויי בארדערס, און מיט א טאג שפעטער האבען זיי זיך שוין געמשעפעט צו מיין פרוי, און אויפ'ן דריטען טאג האב איך זיי שוין דערלאנגט קלעפ און ארויסגעיאגט פון הויז. אין א וואך שפעטער האבען מיר שוין געהאט אנדערע צוויי בארדערס.

אז דער ערשטער חודש איז אריבער, קומט זיך צוגעהן דער לענדלארד נאך רענט.

זאג איך צום לענדלאָרד: מיסטער, איך ארבייט ניט, מיין ווייבעל ארבייט אויך ניט; מיינע באָרדערס סטרייקען — וואַרט מיר אויס א פּאָר וואָכען מיט די רענט, איך אַנטלויף ניט.

ווערט ער אין כעס: — אויב איהר וועט מיר ניט בעצאָהלען די רענט ביז נעקסטען מאָנטאָג, שיק איך אייך א מוף־צעטער און שטעל ארויס אייערע זאַכען אין סטריט.

זאג איך: מיסטער, איך פייף אויף אייך, איהר וועט מיר מיינע זאכען אין גאס ניט ארויסשטעלען!

זאגט ער: איך וועל זיי יא ארויסשטעלען.

קורץ, איך האָב בעקומען א מוף־צעטעל. פערשטעהט זיך, אז איך האָב ניט איינגעצאָהלט. וואו זאָל איך נעהמען געלד?

מיין ווייבעל האָט געוויינט און איך האָב זי געטרייסט, אז גאָט וועט העלפען.

און גאָט האָט טאַקע געהאָלפען: מיט א טאָג פריהער, איידער מען האָט מיך געזאָלט ארונטערשטעלען אין גאס, האָב איך גע־לאָזט וויסען דעם מאַן פון פאַרניטשור סטאָר און דעם אגענט פון דער זינגער מאשין און דעם אגענט פון פאָנאָגראַף, אז זיי זאָלען שוין קומען צוריקנעהמען זייערע זאכען, ווייל מען געהט מיך מאָר־גען ארויסשטעלען אין גאס.

זיינען זיי באַלד געקומען צופליהען ווי פער'סם'טע מייז און מיר אויסגערוימט דאָס הויז ביז א פּאָדים. בלויז איך מיט מיין ווייבעל זיינען איבערגעבליבען.

אויף מאָרגען, אז דער לענדלאָרד איז געקומען מיט א סיטי מאַרשאַל און מיט א פּאָר באַמערס ארונטערשטעלען מיינע זאַ־כען אין גאס — זיינען זיי געבליבען מיט א נאָז — — — — —

— נו? — האָב איך זיך גענומען רייצען מיט דעם לענד־לאָרד — וואָס שטעלט איהר מיך ניט ארויס אין גאס? איהר האָט דאָך געזאָגט, אז איהר וועט מיך ארויסשטעלען!...

און קוקענדיג אויף דעם לענדלאָרד איז מיר צוגעקומען א שטיק געזונד; דערלעבט אין איהם א נקמה!...

# איטשע מאיר׳ס שבת...



ה, וואו נעהמט מען כח צו זיפצען?
האט אויסגעזיפצט פאר מיר א איד וואס די וועלט רופט איהם איטשע מאיר.

— וואס טויג אייך זיפצען? — האב איך גע־פרעגט דעם אידען—איז דען לאכען ניט פיעל בעסער?

— וואס טהוט מען אבער, אז עס לאכט זיך ניט? ווארים, ווי קען א איד לאכען, אז ער איז דר׳ערד ווי א בארג? אז ער האט א ווייב? א ווייב א שלאנג, א גיפט, אן אומגליק, א גיהנום? ווי קען מען לאכען? איהר אויף מיין פלאץ וואלט געלאכט?

און איטשע מאיר האט זיך אויסגערעדט זיין ביטער הארץ:

— ביז צוויי און צוואנציג יאהר בין איך געוועז א בחור. ניט געוואוסט פון ווייב און קינדער, ניט געוואוסט פון שווער און שוויגער. ניט געוואוסט פון צרות און אומגליקען.

איז געקומען א שדכן, א פאסקודנער מענש, א שווינדלער, א דרעה־קאפ, און מיך אומגליקליך געמאכט. אזוי איז מיין אידענע דוקא א שעהנע, א קלוגע, א געזונטע; נאך צו געזונד! נור א שלאנג! א בייזע, א שלעכטע און א גרויסע שלימעזאלניצע.
געהט אלעם אוים צו מיין קאפ.

א גאנצע וואך ווער איך פערשווארצט און פערפינסטערט ביי דער ארבייט (איך ארבייט אין א לאונדרי וואו מען וואשט אלטע שמוציגע קליידער פאר די קלינינג סטארקעס). איז דאס אן אר־בייט — אויף מיין שווער געזאגט געווארען! פערצעהן שעה א טאג איז די רעגעלע צייט. און אזוי ווי ס׳איז תמיד זעהר ביזי, ארבייט איך יעדער נאכט דריי שעה אווערטיים. ווינטער מוז איך

ארבייטען אכטצעהן, מיט א שעה מעהר, פונקט דער באס זאגט, אז ווינטער זיינען די שעה'ן קירצערע...

אזא באס האט גאר ניט געדארפט געבארען ווערען! ער איז גאר קיין מענש נים. ערשטענס, האט ער א טבע ניט צו צאהלען קיין ארבייטער. דאס הייסט, צאהלען צאהלט ער, נור ס'איז ניטא וואס צו זעהן! אז איך ארבייט אוים זעבצעהן דאלאר א וואך, בין איך א ראטשילד!

צווייטענס, האט ער א טבע, דער באס מיינער, וואס ער ווערט קראנק צוויי מאל אין יאהר. זומער און ווינטער. דאקטוירים זאגען, אז ס'פעהלט איהם בלוט. איז אלע מאל ווען ער ווערט קראנק, מוז מען אין איהם ארייגשפריצען א ביסעל בלוט פון א געזונטען מענשען. ווער־זשע מיינט איהר איז דאס כפרה־היתנדעל?

— איטשע מאיר! ווי נור דער באס ווערט קראנק, צאפט מען פון מיר דאס בלוט! איך ארבייט ערשט פיער יאהר ביי איהם און מען האט שוין פון מיר אפגעצאפט דריי גלעזער בלוט! און טאמער לאז איך זיך ניט, סטראשעט דער באס, אז ער וועט מיר סעקען, און פאר סעקען האב איך מורא.

הכלל, א גאנצע וואך פראצעווע איך שווער און ביטער. א פערד, א זעל, ארבייט א סך גרינגער!

די איינציגע האפנונג איז אויפ'ן זונטאג. זונטאג האפט מען, וועט מען זיך אויסרוהען די ביינער, אפציהען דעם אטהעם — לאזט זיך אוים א בוידים! וואס זאג איך א בוידים? צוויי בוידימס!

א גאנצע וואך שטעה איך אויף צו דער ארבייט זעקס א זייגער און זונטאג וועקט מיך מיין אידענע אויף פינף א זייגער.

הויבט זיך אן א צעטעל מיט ארדערס:

— איטשע מאיר, וואש מיר אוים דאס ביסעל וועש און הענג עס ארוים אויפ'ן דוך צו טריקענען; איטשע מאיר, וואש מיר אפ דעם אויל קלאטה פון קיטשען.; איטשע מאיר, לויף ארונטער אין גראסערי און כאפ ארויף א האלבע קווארט מילך און א דאזען זעמעל; איטשע מאיר, לויף ארונטער צום בוטשער און פרעג איהם אויב ער

האט א שאפען קעפעל; איטשע מאיר, טהו אן אסתר'לען און געה מיט איהר ארונטער אין גאס; איטשע מאיר, האלט צו די בייבי; איטשע מאיר, געה אריבער צום איטאליענער ער זאל מיר ארויפ־ברענגען פאר 10 סענט אייז און פאר 30 סענט קויהלען. אויב ער האט ניט קיין צייט, ברענג אליין ארויף. ווארט ניט אויף איהם; איטשע מאיר, דער זייגער האט זיך אפגעשטעלט, ציה איהם אן; איטשע מאיר, די ראקינג־טשער האט זיך צונומען, נעהם און פיקס די ראקינג־טשער; איטשע מאיר, איך וויל דו זאלסט ארונטער־לויפען שלאגען דעם הויז־קיפער. ער האט מיך בעליידיגט. ער האט מיך גערופען שלענגעל, האט ער מיך גערופען... איטשע מאיר, נעהם א פאדים און לעג ארויף א לאטקעלע אויף יאסעלע'ס הייזלאך.

אט אזוי ווי איהר הערט איז זונטאג א גאנצען טאג. דאס איז מיין רוהע טאג, מיין שבת, וועה איז מיר!



# טאַטעל און גרענד-טאַטעל.



ערט נאר א מעשה וואס מיר האט דערצעהלט מיין חבר ראובן פערלמוטער:

מיין פעטער מאטעל איז א פשוט'ער איד. א איד אהן חכמות, ניט קיין איבערגעשפיצטער, א פראסטער נפש, אדער ווי א שרייבער פון א פייפער וואלט זיך אויסגעדריקט: א איד א בהמה.

איז ער מיט עטליכע יאהר צוריק געקומען אין אמעריקא.

האב איך איהם ארונטערגענומען פון עללים איילענד און גע־בראכט צו זיך אהיים. מיין ווייב האט אפילו פערדרעהט מיט'ן נאז, נאר איך האב זי געהערט ווי די קאץ. מאלע וואס א ווייב רעדט!

איז דער פעטער געווען ביי מיר אין הויז און געהאלפען עסען און שלאפען. אז ער האט זיך געהאט אויסגעשלאפען און אנגע־געסען, איז ער געזעסען ביים פענסטער און געזאגט תהילים.

האב איך איהם איינמאל געפרעגט: פעטער, נאך וואס זייט איהר געקומען אין אמעריקא? צו וואס דארף קאלאמבוס אזעלכע אידען וואס טהוען גאר ניט?

האט מיר דער פעטער געענטפערט, אז ער איז ניט געקומען אהער ארבייטען. ער האט שוין גענוג געארבייט אין זיין לעבען. ער איז אהער געקומען „גלאט אזוי זיך“; ער האט געהערט רעדען וועגען אמעריקא, ווי מענשען זיינען דא רייך געווארען, מיליאנערען געווארען, איז ער אויך געקומען ווערען א מיליאנער...

זאג איך: ווי קענט איהר האפען צו ווערען א מיליאנער, אז איהר טהוט גאר ניט? אז איהר קומט אב אייערע טעג מיט דאוונען און תהילים זאגען?

האט מיר דער פעטער געענטפערט, אז ווען גאט וויל אימיצען העלפען, איהם מאכען פאר א נגיד, פאר א מיליאנער, מאכט ער איהם סיי ווי סיי, צי ער ארבייט, צי ער זאגט תהילים.

נעהם אוועק א חודש און צוויי און דריי; איך ארבייט און דער פעטער זאגט תהילים; ער זאגט תהילים און איך ארבייט.

ביז עס האט אויסגעבראכען דער קלאוקמאכער סטרייק און איך האב געסטאפט ארבייטען.

האט זיך דער פעטער מאטעל געגומען שטארק פעראינטערע־סירען מיט'ן סטרייק און ער האט פאמעליך אנגעהויבען לעזען א צייטונג.

דערוייל האט מען אנגעהויבען צו זאמלען א פאנד פאר די סטרייקערס.

אין א פאר טעג ארום איז שוין געווען קוויטירט אין צייטונג די נעמען פון די געבערס און די געלדער וואס זיי האבען געגעבען.

האט מיין פעטער מאטעל מיט גרויס אונגעדולד געווארט יעדען טאג אויף א צייטונג צו זעהן וו ע ר עס גיט און וו י־פ י ע ל מען גיט און וויפיעל עס איז שוין דא. ער האט זיך מיט קיין אנדער זאך ניט אינטערעסירט, אויסער מיט די קוויטירונגען פון די געלדער...

ער האט זיך געהאלטען אין איין וואונדערען:

— סטיימש, קלאוקמאכער סטרייקען, קומען צוגעהן שוסטערס און בעקערס און פיינטערס און גיבען געלד. א מאדנע לאנד!

אט נעהמט דער פעטער די צייטונג אין האנד און לעזט:

בעני פראצע, 1 דאלאר; יונה הארעוואניע, 50 סענט; חיים פאסטער, 2 דאלאר; בעריל קאפוט, 3 דאלאר; בעקער יוניאן, דערוייל 15 דאלאר; פישעל הונגערמאן, א קוואדער; א קאלעק־שאן אין כאפער'ס שאפ, 30 דאלאר.

טאטעל איין און פופציג דאלאר מיט פינף און זיבעציג סענט.

אויף מארגען לעזט ער ווייטער:

זעליג טרערענגיסער, 3 דאלאר; וועסטען שניידער יוניאן, 30 דאלאר; פיינטערס יוניאן, 60 דאלאר; נח האריאפ, 2 דאלאר;

זלמן קאנסאמפשאן, 50 סענט; שכנא הארשאסניק, 1 דאלאר, ברענטש 900 ארבייטער רינג, 100 דאלאר.

ט א ט א ל: הונדערט און ניינציג דאלאר מיט פופציג סענט.

ט א ט א ל פון פריהער: טויזענד פינף און פערציג דאלאר מיט פינף און זיעבציג סענט.

ג ר ע נ ד ט א ט א ל: צוויי און זיעבציג טויזענד דאלאר מיט פינף און צוואנציג סענט.

* * *

אט אזוי האט מיין פעטער מאטעל יעדען טאג געלעזען די קוויטירונגען און דאס הארץ האט אין איהם געוואקסען פון גרויס נחת. „זיי וועלען זיכער געווינען", — האט ער נביאות געזאגט. — „אז עס קומען אריין אזוי פיעל געלד יעדען טאג, מוזען זיך די בעל הבתים אונטערגעבען.

נאר איין זאך האט ער זיך ניט געקענט ערקלעהרען: וואס צווישען די געבערס געפינען זיך אויך א פאר מיליאנערען...

— ווער זיינען די מיליאנערען? — האב איך איהם געפרעגט.

— איך מיין, — האט ער געזאגט — דעם מיסטער ט א ט א ל און דעם מיסטער ג ר ע נ ד ט א ט א ל... זיי ווארפען זיך ממש מיט געלד; מיט גאנצע הונדערטער און טויזענדער! חיים גיט א דאלאר, נח א האלבען דאלאר, יאקעל צוויי דאלאר, אבער ט א ט ע ל און ג ר ע נ ד ט א ט א ל גיבען טאקע מיט'ן פולען האנד. און דוקא אלע טאג. עס ווערט זיי גאר ניט מיאוס; זיי מוזען זיין גרויסע נגידים, הא?

און מיין פעטער מאטעל האט שטארק מקנא געווען דעם מיסטער ט א ט א ל און ג ר ע נ ד ט א ט א ל און זיך גע־וואונשען צו פערמאגען כאטש זייער מיסט...



# גאָלדענע רומס!



זוי ווי מיינע רומס זיינען ענגע, פינסטערע, און דער באַלקען הענגט אויפ׳ן קאָפּ, און די טרעפּ שאָקלען זיך, און דער לענדלאָרד איז א דבר־אחר, און וואַרפען גאַרביידזש דורכ׳ן פענסטער לאָזט ער ניט — בין איך אַוועק זוכען אַנדערע רומס

געה איך אַרייז אין דיוויזשאַן סטריט, זוך פון ביידע זייטען גאַס אַ צעטיל — ניטאָ.

וויל איך שוין אַריינגעהן אין קלינטאַן סטריט, דערזעה איך אַ צעטעל: „פיער רומס, נאָכצופרעגען ביים לענדלער אַפּסטערז“.

געה איך אַריין אין האָלל, פינסטער ווי אין מצרים; געה איך אַרויף דעם ערשטען פלאָאר — חושך, גליטשיג און טוכלע...

קלאַפּ איך אָן ביים לענדלאָרד — הייבט אָן אַ הונד צו בילען...

עפענט זיך די טהיר. דער לענדלאָרד. אַן אַלט געבאַקען אידעל מיט אַ דראָטענע בערדעל בעווייזט זיך איך זאָג איהם וואָס איך וויל און ער געהט מיר ווייזען די רומס

בעטראַכט איך די רומס — טויזענד מאָל ערגער ווי מיינע. פון וועלכע איך וויל אנטלויפען. אַ שטאָל פאר בהמות! די ווענד איבגעגריזשעט, דער סינק פערזשאַוועט, פינסטער ווי אין קברים!

— געפעלען אייך די רומס? — פרעגט דער לענדלאָרד.

— אַ קאַפּעטשקע פינסטערלעך, — זאָג איך

— עס קען זיין, — זאָגט דער לענדלאָרד, — דערפאַר אָבער זעהט איהר פון דאַנען אַ שטיק פון די ברוקלין בריק; צוויי טהירעמס פון טשוירטשעס. און מען הערט אויך פייפען די שיפלעך פון איסט ריווער.

— וואס טויג מיר דאס פייפען, אז די רומס זיינען פינסטער. נישטא קיין לופט, קיין ליכט.

— דאס איז בלאטע! — נעהמט דער לענדלארד א העכערען טאן — דערפאר איז אייך דא נאהענט צו העסטער פארק און צום ראטגער סטריטער פאנטאן.

— וואס טויג מיר — זאג איך — דער העסטער פארק מיט'ן ראטגער סטריטער פאנטאן, אז די רומס זיינען קליינע, אז מיין ביסעל ארעמקייט וועט זיך דא ניט אויסשטעלען.

— אויף אזעלכע זאכען קוקט מען ניט! — ענטפערט דער לענדלארד — מען גיט זיך אן עצה: מען שטעלט אוועק איין זאך אויף דער צווייטער, און וואס מען דארף ניט, שטעלט מען אריין אין סעלער. דער עיקר איז דער אויסקוק... אידר זעהט דארט די הויכע בילדינג מיט'ן זייגער? דאס איז האו'ס פעקטערע. איהר קענט אויך זעהן פון דאנען דעם דאך פון די פייק סטריטער שוהל; דעם קוימען פון מעדיסאן סטריטער פאלים סטיישאן און א שטיק העסטער סטריט.

— וואס טויג מיר — זאג איך — די אלע זאכען, אז די רומס טויגען אין דר'ערד; אז קיין וועש-ליינס זיינען ניטא; אז אלץ איז אזוי שמוציג, און די פענסטער גוהען אריין אין א פרעמדער וואנד?

— איהר זייט א טשודנער איד, א „פריטיקלער“. ווען מען נעהט נעהמען רומס, קוקט מען ניט אויף קלייניגקייטען, נאר אויפ'ן געגענד; אויף דעם „לאקיישאן“; אויף די פרעהליכקייט. און אזוי פרעהליך ווי דא איז, איז אין ערגעץ ניט. נישטא די שעה, נישטא די מינוט, עס זאלען ניט פערבייליופען די פייער אינדזשענס, עס זאל ניט זיין קיין איבערגעלאף. א חוץ דעם איז אלע מאל פייטס פון עקספרעסלייט געגנאיבער, אדער מ'פארט איבער א קינד... יעדער מינוט פרישע קולות, נייע געוואלדען, אמבולאנסעס, פאט־ראל וועגענס — אט דאס איז דער עיקר! וואס דען? וואוינען אין א שטילע סטריט, וואו מען זעהט קיין זאך ניט און מען הערט קיין זאך ניט? מען קען דאך משוגע ווערען פון אומעט.

— אבער צו וואס טויג מיר די פרעהליכקייט אהן רומס? — טענה איך מיין טענה.

— איהר רעדט, זאלט איהר מיר מוחל זיין, ווי א גרינהארן. מען זיצט דען אין אמעריקא אין די רומס? א גאנצען טאג זיצט איהר אין שאפ, אייער פרוי אין דרויסען אויפ'ן סטופ מיט נאך ווייבער און בערעדט די וועלט, און די קינדער לויפען ארום אין די סטריטען. טא וואס־זשע דארפט איהר גרויסע רומס? איהר זעהט דארט, אט יענעם רויטען פארקאן? דאס איז פון די נייע סקוהל. און אט יענעם סיין זעהט איהר? דאס איז די סיין פון א רוסישען אפטייק...

— מיסטער — זאג איך — אין דער שווייץ זעהט מען אבילעל שעהנערע לאנדשאפטען ווי דא אין דיוויזשאן סטריט.

— עט! — טהוט א מאך דער לענדלארד מיט דער האנד — דאס איז גלאט געבעבעט!

—איך האב געזאגט דעם לענדלארד „גוד באי" און זיך גע־לאזען ארונטערגעהן די טרעפ. צוליעב די פינסטערניש האב איך איבערגעהיפט א טרעפעל און האב זיך ארונטערגעקייקעלט.

דער לענדלארד האט דערהערט מיין פאלען און ער האט ארונטערגעשריען: „גרינהארן! למאי האט איהר ניט אנגעצונדען קיין מעטש? איהר האט דאך אזוי געקענט דער'הרג'עט ווערען!"



# א פיין באַנקעטעל!



בעקאַנטער באַס האָט געמאַכט אַ באַנקעט פאַר זיי־נע אַרבייטער.

צווישען די אַרבייטער האָבען זיך געפונען ציוניסטען, סאָציאַליסטען, אָרטאָדאָקסען, איטאַ־ליענער און גאַליציאַנער.

און אַזוי ווי איך בין אויך אַ גאַליציאַנער (נאָך פון יוראָפּ), האָט מען מיך אויך איינגעלאַדען.

איז דאָס געוועזען אַ באַנקעטעל פון באַנקעטען־לאַנד!

— הלואי שיקט מיר גאָט צו אַלע נאַכט אַזעלכע באַנקעטלעך! וואָסי וואָלט איך געהאַט דערפון, פרעגט איהר?

— גוטע סאָפּערלעך וואָלט איך געהאַט; סאָפּערלעך מיט וויין און טויבען און בלומען; מיט געבראַטענס און לאָקשען און פיש, מיט פודינג און אייז־קרים און מוזיק.

וואָס נאָך וואָלט איך געהאַט, פרעגט איהר?

— סוזשעטלעך וואָלט איך געהאַט. דער רעוורענד וואָס איז דאָרטען געוועזען איז אַ טייער סוזשעטעל. אַ קליינינקייט אַ רעוורענד וואָס קען ניט רעדען און רעדט! וואָס קען ניט טרינ־קען און טרינקט! וואָס קען ניט דרעהען קיין פּסוק און דרעהט איהם. אפשר אַנדערהאַלבען שעה אויפ'ן זייגער האָט ער גע־מוטשעט אַ פּסוק, און צום סוף זיך ערשט ארומגעזעהן, אז ער האָט פערמוטשעט אַ פרעמדען פּסוק.

ער האָט געדאַרפט רעדען וועגען דעם פּסוק „סוף אדם למות", האָט ער גאַר גע'דרשנ'ט וועגען דעם פּסוק „סוף גנב לתליה".

אַרימער רעוורענד! דאַכט זיך אַ גאַר נישט, אַ פּראָסט מענ־

שעל, פונדעסטוועגען קען ער דערלאנגען די רייכסטע סוזשעטלעך פאר שטיפערייען.

— וואס זאגט איהר? אזא רעוורענד איז ניט ווערטה מען זאל איהם בעשרייבען?

האב איך אנדערע שטאף. האב איך א סוזשעטעל פון פער־צעהן אידען אין יארמולקעס.

אידען, וואס האבען ליעב צו פאלגען; וואס פערגעטערען און פערהייליגען דיסציפלין...

ווען די מוזיק האט גענומען שפיעלען די אמעריקאנער הימן, האבען מיר זיך אלע אויפגעשטעלט.

האט מען געענדיגט דעם הימן, האבען מיר זיך אוועקגעזעצט.

נעהמט די מוזיק שפיעלען די מארסעליעזע.

שטעלען מיר זיך ווידער אויף.

ענדיגט מען די מארסעליעזע. זעצען מיר זיך צוריק אוועק.

שרייט דער רעוורענד:

— אין וואועס איז מיקאיעד די האטיקווע?

שפיעלט מען די „התקוה“.

שטעלען מיר זיך ווידער אויף — שוין צום דריטען מאל — און מיר שטעהען.

ענדיגט מען די „התקוה“, זעצען מיר זיך צוריק אוועק.

די פלעשער שנאפס און וויין ווינקען צו אונז; מאכען חנ׳דלעך צו אונז! די הערצער ציהען... נאגען... אבער — — — —

די עטליכע איטאליענישע ארבייטער, וואס מ׳האט אויך גע־לאדען צום באנקעט, פאדערען, אז זייער הימן זאל אויך געשפיעלט ווערען. סטייטש, די „התקוה“ יא און זייער הימן ניט?

שפיעלט מען דעם איטאליענישען הימן אויך.

שטעלען מיר זיך ווייטער אויף — שוין צום פערטען מאל — שטעהען מיר אזוי לאנג אויף די פיס, ביז די מוזיק ענדיגט און מיר זעצען זיך אנידער.

רופט אוים דער פארמאן:

— ברידער, דער באס געהט! הורראה פאר׳ן באס!

שפּיעלט די מוזיק אַ פרעהליכס און אַלע שטעלען אין אַ נאַווינע ווידער אויף.

— דאָס וועט ווייטער אַזוי ניט געהן! — שריי איך אויס — וויפיעל איז דאָס דער שיעור אויפצושטעלען זיך ביי א י י ן באַנקעט.

און אַלע שטימען איין מיט מיר. מעהר וועלען מיר זיך ניט אויפשטעלען, ווען גאָט אַליין זאָל אריינקומען.

אַלע שטימען איין, נאָר ניט די פערצעהן אידען אין די יאַר־מולקעס.

זיי ווילען זיך ניט אונטערגעבען. נעביך צושראָקענע מענ־שען...

און די קאָמעדיע ענטוויקעלט זיך, דער שפּאַס שטייגט מיט יעדער נייער ערשיינונג.

מיר זיצען און עסען און זאָגען וויצען — — — — — — — — —

הערט זיך אַ געשריי: „ברידער, דער באָס פּאַרטנער געהט!“

די פערצעהן אידען שטעהען שוין אויף די פיס.

שטעהען אַ ווײַלע און זעצען זיך, און —

ווידער אַ געשריי:

— ברידער, דער בוק־קיפּער געהט!

די פערצעהן אידען מיט די יארמולקעס שטעהען שוין וויעדער אויף די פיס.

שטעהען אַ ווײַלע און זעצען זיך.

— ווידער אַ געוואַלד:

— ברידער, די טייפּרייטערקע געהט!

די פערצעהן אידען מיט די יארמולקעס שטעהען שוין ווידער אויף די פיס.

אַרימע אידען!



# אידען בני רחמנים...



ייזער אשר איז קראנק געווארען. האט ער געסטאפט ארבייטען. האט ער צייט געהאט. האט ער אויס־גענוצט די לעדיגע צייט אין — הוסטען.

זיצען לעדיג האט לייזער אשר נים געקענט.

נאר אזוי ווי פאר הוסטען קריגט מען קיין ווייזדשעס נים, האט לייזער אשר אנגעהויבען צו ליידען הונגער.

אום עס זאל איהם זיין גרינגער צו הונגערען, האט ער צוגע־נומען פאר א שותף זיין פרוי.

איז געגאנגען די פרוי און האט צוגעצויגען צום „געשעפט" די פיער קינדער.

האבען שוין די קינדער ארייגעצויגען די באבען אויך.

האבען אלע געהונגערט בשותפות; דער איינציגער וואס האט געטהאן צוויי ארבייטען מיט אמאל איז געווען לייזער אשר: ער האט אי געהונגערט, אי געהוסט...

צוויי דזשאבס!

ויהי היום, האט דער בוטשער אויסגעפונען וואס מיט לייזער אשר'ן האט פאסירט, האט ער די ערשטע זאך בעשלאסען: מעהר נים צו בארגען. „וואו וועט לייזער אשר נעהמען צו בעצאהלען זיינע בילס?" — האט דער בוטשער געפרעגט.

האט די ארימע פאמיליע נאך מעהר געהונגערט; האט דער קראנקער לייזער אשר נאך מעהר געהוסט.

האט דער גראסעריי־מאן אויסגעפונען וואס דער בוטשער האט געטהאן, האט ער בעשלאסען נאכצוטהאן דעם בוטשער.

האט דער גראסערי־מאן געלאזט וויסען לייזער אשר'ן, אז פון היינט אן און ווייטער איז אויס בארגען!

איז דער הונגער ביי דער ארימער פאמיליע געווארען נאך שטארקער, נאך גרויזאמער און לייזער אשר'ס הוסט האט אויך פראגרעסירט. זיך ענטוויקעלט. געגאנגען פארווערטס...

למשל: אויב אין אנהויב האט לייזער אשר געהוסט אונ־געפעהר פיער שעה א מעת לעת, האט ער שוין איצטער געהוסט ניין שעה.

האט איהם איינמאל זיין שוויגער געפרעגט, למאי ער הוסט אזוי פיעל, האט ער איהר געענטפערט, אז ער האט סיי־ווי־סיי נים קיין אנדער ארביים.

האט איהם די שוויגער געענטפערט: „אויב דו האסט ניט קיין ארבייט, דארפסטו דוקא הוסטען? קענסט זיך ניט אויסזו־כען אן אנדער בעשעפטיגונג? א שעהנערע, א בעסערע, א גע־זינטערע?"

האט לייזער אשר אבגעענטפערט מיט א קראנקען שמייכעל, אז צו וואס פאר א ביזנעס ער זאל זיך ניט נעהמען, מוז ער האבען עטליכע הונדערט דאלאר אויף אנצוהויבען, אבער הוסטען קען ער הוסטען אהן קאפיטאל.

האט די שוויגער א ציה געטהאן מיט די אקסלען, ווי איינער רעדט: „א מאדנע ביזנעס, דאס הוסטען!"

און זי האט זיך געוואונדערט, למאי די רייכע, די מיליאנערען, נעהמען אויך ניט צו די דאזיגע ביזנעס ביי די ארימע לייט.

הקיצור, די ארימע פאמיליע האט געהונגערט און לייזער אשר האט געהוסט און „פראגרעסירט" אין זיין ארבייט.

האט דער מילך־מאן אויסגעפונען, וואס דער בוטשער און דער גראסערי־מאן האבען געטהאן, האט ער בעשלאסען צו טהאן דאס אייגענע. אז זיי האבען אויפגעהערט געבען פלייש און ברויט, וועט ער אויפהערען געבען מילך.

און דער מילך־מאן האט געהאלטען ווארט: האט מעהר קיין מילך ניט געלאזען ביי לייזער אשר'ס שוועל.

האט די נ ו י ט ביי לייזער אשר'ען אין שטוב גענומען געהן א טאנץ. זיך אויסגעשפרייט ווי ביים „טאטען אין וויין־גארטען"... עס איז איהר געווען פרעהליכער ווי ביי ראקאפעלער'ן: ביי ראקעפעלער'ן לאזט מען איהר אפילו ניט צוצוטרעטען נא־הענט צום הויז, און דא האט מען איהר איבערגעגעבען אלע דריי צימערען.

הערט דער „הונגער" ווי א קינד בעט א שטיקעל ברויט, אדער א קאפ מילך, און די מוטער ענטפערט מיט א שטראם טרעה־רען — געהט דער הונגער א טענצעל; הערט די „נויט" לייזער אשר'ן הוסטען מיט די לעצטע כוחות — געהט די נויט א טענצעל. הערט דער ה ו נ ג ע ר און די נויט ווי די קינדער און די מאמע און די באבע וויינען און דער טאטע, לייזער אשר, פאלט אריין אין זייער געוויין מיט זיין שווערען הוסט — כאפט זיך דער הונ־גער ארום מיט דער נויט ווי א פערליעבט פאאר'ל און זיי טאנצען צוזאמען — — — — — — — — — — — — — —

הקיצור, האט דער קויהלען־מאן אויסגעפונען וואס דער בוט־שער און דער גראסערי־מאן און דער מילך־מאן האבען געטהאן, האט ער בעשלאסען אויך טהאן דאס איינענע...

און א קויהלען־מאן, אז ער זאגט א ווארט, איז דאס א ווארט! א קויהלען־מאן איז ניט קיין ליגנער.

און ער האט אויפגעהערט ארויפברענגען קויהלען אין הויז אריין.

האט דער לענדלארד אויך ניט געשוויגען: האט ער לייזער אשר'ן מיט דער פאמיליע ארויסגעשטעלט אין גאס מיט'ן ביסעל מעבעל.

שטעהט דער בוטשער און דער גראסערי־מאן און דער מילך־מאן און דער קויהלען־מאן און קוקען אויף דער ארויסגעשטעלטער פאמיליע און — צום לעצט שטעהט אויך דער לענדלארד — און אלע פינף לאזען ארויס פון זייערע הערצער א ביטערען זיפץ: —

— אך, ס'ארא אן ארימקייט עס הערשט אין ניו יארק!

# א מיידעל מיטן נאָמען קלמן.



למן איז א שעהנער יונגער מאן און א ליידים־ווייסט מייקער. נור קיין קיין דזשאב האט ער נים. ווייל ביי ליידיעס ווייסטס נעהמט מען מעהר נים צו קיין מאן.

ווען קלמן וואלט געווען א מיידעל וואלט ער יא געהאט א דזשאב.

פאר א מיידעל האט מען דרך ארץ.

איז קלמן געפאלען אויף א שכל: וואס טויג איהם זיין א מאן און הייסען קלמן, אז ער קען ווערען א מיידעל און הייסען קלארא.

געוועז גיינצעהן יאהר א בחור — גענוג!

האט זיך קלמן אנגעטהאן א בלאנדען פארוק, אריינגעשטעקט בליסטשענדע קעמעלעך, זיך געלאזט שטעכען די אויערען, אנגעטהאן שווארצע אויערינגלעך, א בלויען העט מיט א ווייסען פעדער. א בלויע וועלוועטענע דרעס, א פאר ווייסע גלאווס, שווארצע שיך מיט ווייסע קנעפעלעך, אויסגעבעט די ביוסט און — אט איז קלמן א מיידעל.

און אזוי ווי קלמן קריגט אלע מאל פיבער, ווערען זיינע בעקעלעך רויט, צופלאמט, רעגעלע בלומען.

אז קלמן האט זיך בעטראכט אין שפיעגעל, האט ער זיך ניט דערקאנט. „איז דאס מעגליך“ — האט ער געזאגט צו זיך — „אז איך בין קלמן?“

און ער איז אוועק זוכען א דזשאב.

אז קלמן איז אריין אין א שאפ, אין דער 18טער סטרים, האט

זיך דער באס פאר קלמן'ען פיין פערנייגט און איהם געפרעגט, וואס „זי" וויל.

האט קלמן, פערשטעהט זיך, געזאגט, אז „זי" וויל א דזשאב.

האט דער באס געפרעגט קלמן'ען ווי זי הייסט, האט קלמן גע־זאגט, אז „זי" הייסט קלארא.

האט איהר דער באס העפליך פערבעטען אין זיין פריוואט אפיס.

האט זיך קלמן כלומרשט געפונען שטארק בעליידיגט.

— איהר זאלט ניט מיינען — האט קלמן בעמערקט — אז איהר האט דא אנגעטראפען פון די סחורה וואס מענער זוכען. נאוסער! איך בין אן אנשטענדיג קינד, אן עהרליך מיידעל.

האט זיך דער באס ענטשולדיגט פאר קלמן'ען און „איהר" געגעבען א דזשאב.

האט קלמן אפגעארבייט א פאר וואכען און גאנץ פיין פער־דיענט. דער באס און דער בוק־קיפער און דער פארמאן האבען איהר גע'חנפ'עט, געמאכט קאמפלימענטען.

אין א געוויסען נאכמיטאג האט דער באס ווידער ארייננגע־רופען קלמן'ען צו זיך אין פריוואט־אפיס און איהר איינגעלאדען צו א סאפער אין א רייכען האטעל.

— איך ליעב אייך! — איז דער באס געפאלען צו קלמן'ס פיס — איך געה אוים נאך אייך; איך שטארב פאר אייערע טריט; גאלדענע קלארישי!

רופט זיך אפ קלמן צום באס:

— איך וועל אננעהמען אייער איינלאדונג, נור מיט דעם תנאי, אז איהר זאלט מיך ניט טשעפענען, איהר זאלט האלטען די הענד ביי זיך. איך האב פיינט, אז א באס איז א חזיר.

— צופריעדען, קלארישי! — האט דער באס געענטפערט.

און ער האט ארויסגענומען פון וועסטעל־קעשענע א דיימאנד־רינגעל און דאס קלמן'ען געמאכט א פרעזענט.

קלמן האט איהם שעהן בעדאנקט און איז אוועק אהיים, אי־בערגעלאזט דאס רינגעל ביי זיינע א שוועסטער און איז צוריק־געקומען.

ארום זעקס פארנאכט איז שוין קלמן געפאהרען מיט'ן באס אין אן אטאמאביל צום האטעל.

אין האטעל האט זיך דער באס פערשריבען אין די ביכער אלס מיסטער און מיסעס פערלמאן.

א ניגער אין א יוניפארם האט זיי אויפגעשלאסען א שעהנעם צימער. דער באס מיט קלמן'ען זיינען אריין און פערמאכט די טהיר.

אז קלמן האט פראטעסטירט, האט דער באס געענטפערט, אז ער מיינט חלילה קיין בייז, ער וויל בלויז עסען מיט איהר סאַ־פער אין א בעזונדער צימער.

באלד איז אויף זייער טישעל געשטאנען א רייכער סאפער מיט צוויי פלעשלאך שאמפאניער.

קלמן האט זיך ניט געלאזט קיין סך בעטען, ער האט גע־געסען ווי נאך א קרענק און פערטרונקען מיט שאמפאניער.

נאכ'ן סאפער האט זיך קלמן גענומען פיהלען זעהר מאדנע...

די אויגען האבען זיך גענומען פערמאכען, ער האט געוואלט שלאפען.

און דער באס זיצט מיט'ן פיינעם סיגאר אין מויל, די באקען רויטלען זיך; דער פליך — גלאנצט, און ער קוקט אויף קלמן'ען און שלינגט די סלינקע. ער ווערט ממש פערברענט פון תאוה!

און קלמן קען זיך פון ארט ניט ריהרען. דעם ערשטען מאל אין לעבען אז ער טרינקט שאמפאניער...

וויעגט ער זיך אום אויפ'ן טשער ווי א זאנג פון ווינד און די אויגען פערשליסען זיך איהם...

דער באס פערריגעלט פאמעליך די טהיר...

באלד דערפיהלט קלמן ווי א הייסע ברענענדיגע האנד נעהמט איהם ארום...

קלמן האט א ציטער געטהאן...

מעהר געדענקט ניט קלמן וואס מיט איהם האט פאסירט.

— — — — — — — — — — — —

אז קלמן האט אויף מארגען געעפענט די אויגען, האט ער זיך געפונען אין זעלבען האטעל, אויף א ווייכען געלעגער, און לעבען איהם איז געלעגען דאס פאלגענדע צעטעלע:

„ק ל א ר א! איהר זייט א זשוליק! א שארלאטאן! א גענגסטער! אייער פום זאל מעהר אין מיין שאפ ניט אריינשמע־קען! און דאס רינגעל וואס איך האב אייך געמאכט א פרעזענט, וויל איך האבען צוריק. עס קאסט מיר צוויי הונדערט דאלאר...“

— — — — — — — — — — — —

און קלמן האט פערלארען דעם דזשאב...



# איך זוך רומס.



יהר זייט שוין אמאל געוועזן ביי מיר אין הויז? אויב ניט, וועט איהר לעבען א סך לענגער ווי איהר דארפט.

האט איהר שוין אמאל געהאט צו טהאן מיט מיין לענדלארד? אויב ניט, וועט איהר קיינמאל ניט שטארבען.

און אויב דאס לעבען איז אייך דוקא מיאוס, און איהר ווילט בעגעהן זעלבסטמארד, נור איהר האט ניט אויף א שטריקעל, אדער אויף א פלעשעל גיפט, זאלט איהר זיך ניט זארגען; קומט אריבער צו מיר, ווען מען מאכט דעם אויווען אין קעלער, וועט איהר באלד דערשטיקט ווערען פון'ם געדיכטען רויך.

און אויב איהר ווילט געפרוירען ווערען, זאלט איהר אריבערקומען צו מיר ווינטער, ווען דער לענדלארד פערזארגט מיך מיט סטים...

און טאמער ווילט איהר שטארבען פון געשטאנק, זאלט איהר אריבערקומען צו מיר נאך א רעגען, וועט איהר ביי מיר אין יארד טרעפען א שטעהענדיגע קאלוזשע, וואס וויל ניט ארונטערגעהן אין „סוער", מחמת דער „סוער" איז פערשטאפט...

און אויב איהר ווילט אויפגעגעסען ווערען פון מאראשקעס, קענט איהר דאס אויך אויספיהרען. איהר דארפט בלויז אריבערקומען...

און טאמער ווילט איהר געהן פון דער וועלט פון ערגערניס, פון הארץ-וועהטאג, פאר וואס דער לענדלארד וויל קיין זאך ניט פיקסען — קענט איהר דאס אויך אויספיהרען.

מיט עטליכע טעג צוריק זאגט מיין פרוי צו מיר:
— וואס זיצסטו? געה ארויס זוכען רומס.
— וואס פאר א רומס ווילסטו?
— איך וויל זעקס שעהנע רומס אין די נייע הייזער, מיט סטים, מיט הייסע און קאלטע וואסער, מיט א טעלעפאן און ס'זאל מעהר ניט קאסטען ווי 11 אדער 12 דאלאר א חודש, און די ערשטע צוויי חדשים פריי.
— אזעלכע רומס — זאג איך — מוזען מיר ביידע געהן זוכען.
האבען מיר ארויסגעטריבען אלע קינדער אין גאס, פערשלאסען דאס הויז, צוגענומען דעם שליסעל און אוועק זוכען רומס.
געהען מיר. מיר געהען און קוקען פון ביידע זייטען גאס און מיר קלעטערען אויף טרעפ און מיר בלייבען אהן פיס.
אין איין הויז האט מען מיך געפרעגט, וואס איך בין (געפרעגט האט דאס א דייטשער לענדלארד).
האב איך געענטפערט, אז איך בין א בעל הוב.
— ניט דאס מיין איך — האט געענטפערט דער דייטש — איך וויל וויסען אויב דו ביזט א איד.
— אודאי א איד! און א גאליציאנער איד דערצו.
— מיר ווילען ניט קיין אידען, — האט אונז דער דייטש געלאזט וויסען, און באלד געזאגט „אדיע“.
א צווייטער לענדלארד, אן איירישער, האט געוואלט, אז מיר זאלען איהם געבען „רעפערענס“, אויב מיר זיינען „פיינע מענשען“.
האב איך א שפיי געטהאן אויף איהם און אוועק ווייטער.
נאך איינער האט געוואלט וויסען וויפיעל קינדער איך האב.
האב איך איהם געענטפערט, אז איך האב כמעט זיעבען קינדער.
— גרויסע צי קליינע?
— גרויסע און קליינע, וואסערע איהר ווילט אליין!
— צופיעל קינדער! — האט ער אויסגערופען — זיעבען קינדער קענען מאכען א תל פון א הויז.
נאר איינער, דוקא א אידעל, האט געזאגט, אז קינדער מעג

איך האָבען אפילו נאָך אמאָל אזוי פיעל. דאָס אאָרט איהם ניט: ער גיט זיי דען עסען? נור וואס איהם אאָרט איז מיין ווייבעל. מיין ווייבעל געפעלט איהם ניט. ער גלייכט בלאָנדע און מיין ווייבעל איז אַ ברונעטע.

נאָך אַ לענדלאָרד האָט געוואָלט וויסען מיין בעשעפטיגונג.

האָב איך איהם געזאָגט, אז מיין טרייד איז צו זאָגען וויצען, מאכען שפּאָס, ארויסרופען ביי יענעם אַ געלעכטער, חוזק מאכען פון לענדלאָרדס, פון פּאָליטישענס, פון גאָט׳ס גנבים, פון אויס־וואורפען...

האָט ער מיר געענטפערט, אז ער גלייכט ניט מיין טרייד. דאָס איז קיין טרייד ניט, האָט ער געזאָגט.

און פערמאכט די טהיר הארט אונטער מיין נאָז...

אָט אזוי ווי איהר הערט, איז אומעטום געוועזן אַן אנדער אָפּ־האַלט. איך און מיין פרוי זיינען אהיים געקומען טויט־מיערע. מיר האָבען זיך אפילו ניט געהאט קיין כח צו קריעגען.

גוטע פריינד גיבען אונז אַ עצה, אז מיר זאָלען זיך קויפען אַן אייגענע הייזקע. אַן אייגענע הייזקע, טענה׳ן זיי, איז טויזענד מאָל בעסער ווי צו וואָהנען ביי יענעם.

און אויב אַ הייזקע, זאָל דאָס זיין מיט אַ גאָרטען, און בלומען, און וויינטרויבען, און פרוכט־בוימער.

גנה, דערצעהל די גוטע פריינד מיינע, אז איך האָב ניט אַ סענט ביי דער נשמה און אז איך בין נאָך שולדיג עטליכע דאָלאַר חובות.



# שמייע.



מייע איז א איד פון א יאהר פערציג, א קאסטאָ־מער שניידער, האט א ווייב, פיער קינדער, א שטענדיגען קאָפּ־וועהטאָג, א הארץ־קלאפּונג, א שטומע שוועסטער און טשאַכאָטקע.

בעלאנגט שמייע אין א לאדזש וואס רופט זיך „די שאלעמויזען לאדזש נומער צוויי הונדערט און דרייסיג, אינדעפּענדענט אָרדער ברית חנא“.

האט די שאלעמויזען לאדזש א דאָקטאָר. איז שמייע אוועק צום דאָקטאָר.

האט איהם דער לאדזשען דאָקטאָר אונטערזוכט: איהם גע־דרעהט פון אלע זייטען, איהם געפרעגט ווי ער הייסט, פון וואנען ער קומט, צי איז ער פערהייראטה, וויפיעל קינדער ער האט, וואו ער וואהנט און וויפיעל ער פערדיענט.

אז שמייע האט איהם געענטפערט אויף אלע פראגען, האט זיך דער דאָקטאָר פערטראכט און ענדליך געלאָזט וויסען שמייע'ן, אז ער, שמייע הייסט דאס, דארף נויטיג פאָהרען צום ים. נור דער ים וועט איהם רעטען. מחמת דאס זאלץ וואסער איז זעהר געזונד פאר איינעם, וואס ליידעט אויף רומאטעם און קאָפּ־וועהטאָג.

— איך לייד דאך אבער אויף מיין טשאכאטקע — האט שמייע בעמערקט דעם דאָקטאָר.

— שוין לאנג? — האט דער דאָקטאָר געוואָלט וויסען.

— אהא! ווען איך האב אנגעהויבען הוסטען און שפּייען מיט בלוט, זייט איהר נאך דעמאָלט קיין דאָקטאָר ניט געוועז.

— אויב אזוי — האט דער דאָקטאָר געזאָגט — איז ניט

פרעהליך! וועט איהר מוזען פאהרען אין די „בערג“. ווייל די בערג־לופט איז זעהר גוט פאר לונגען־קראנקע. אויב אייער לעבען איז אייך ליעב, אויב איהר ווילט זיין א טאטע צו אייערע קינדער, א מאן צו אייער פרוי, א מעמבער אין אונזער לאדזש, מוזט איהר אלץ לאזען שטעהן און פאהרען אין די מאונטענס!

— איך האב דאך אבער רומאטעס און קאפ־וועהטאג.

— פאר רומאטעס און קאפ־וועהטאג איז ניט פאראן קיין בעסערע זאך ווי דער ים. נור דער ים! אויב איהר ווילט זיין א טאטע צו אייערע קינדער, א מאן צו אייער פרוי און א מעמבער אין אונזער לאדזש, מ ו ז ט איהר אלעם לאזען שטעהן און באלד ארויספאהרען צום ים!

— איך האב דאך אבער טשאכאטקע! — האלט זיך שמייע ביי זיינס.

— דאן מ ו ז ט איהר אלעם לאזען שטעהן און פאהרען אין די מאונטענס! איהר מוזט האבען טרוקענע לופט; די באצילען, די פרעסערלעך וואס האבען זיך בעזעצט אין אייערע לונגען, זיינען גערעכטע אין די באסעם. זיי גלייכען לעבען פון יענעמס פלייש און בלוט. זיי זיינען זיך פשוט מחיה מיט אייערע לונגען. אבער פונקט ווי די יוניאן איז א טוים־קלאפ פאר די באסעס, אזוי איז די טרוקענע לופט א טוים־קלאפ פאר די באצילען. איהר פערשטעהט? איהר מוזט דארום אלעם לאזען אן א זייט און באלד אוועקפאהרען אין די מאונטענס...

— דאס האב איך שוין געהערט פון אייך א פאר מאל — ענטפערט דער ארימער שמייע און ער פערהוסט זיך — אבער וואס טהוט מען מיט מיין רומאטעס און מיט מיין קאפ־וועהטאג?

איז דער דאקטאר געווארען נערוועז:

— סארא משוגענער איד איהר זייט! איך האב דאך אייך שוין געזאגט, אז איהר מוזט צוליעב אייער רומאטעס און קאפ־וועהטאג וואוינען לעבען ים.

— אבער איהר הייסט דאך מיר פאהרען אין די בערג.

— אודאי! ווייל איהר האט טשאכאטקע.

— אויב איך וועל פאהרען אין די בערג, וועל איך דאך ניט קענען זיין ביים ים.

— דאס איז מיר גאר ניט איינגעפאלען ! אודאי קענט איהר ניט זיין אי דא, אי דארט אין דער זעלבער צייט !

— טא וואס־זשע זאל איך טהאן ?

— זאל איך אזוי וויסען פון א בייזע וועטשערע !

— אפשר קען איך זיין ווינטער אין די מאונטענס און זומער ביים ים ? — האט שמייע געפרעגט מיט א הייזעריגער שטים.

— חלילה ! — האט אויסגערופען דער דאקטאר — איהר'ט זיך אונגליקליך מאכען ! וועט איהר זיין אין די מאונטענס וועט זיך אייער רומאטעס „צושפיעלען" אויף אלע כלים און אייער קאפ וועט אייך צולאפעט ווערען פון וועהטאג. וועט איהר זיצען ביים ים, וועט דאס זיין א רעגעלער פיק־ניק פאר די באצילען...

— וואס־זשע טהוט מען פארט ? — ערגערט זיך שוין שמייע.

האט דער דאקטאר איהם געהייסען אהיים געהן און קומען נאך אמאל אין עטליכע טעג ארום.

אין עטליכע טעג ארום איז שמייע ווידער אוועק צום דאקטאר. האט איהם דער דאקטאר ערקלעהרט, אז ער האט א גאלדענעם פלאן.

— וואס פאר א פלאן ? — פרעגט שמייע.

— דער פלאן איז, אז איהר זאלט אין ערגעץ ניט פאהרען. ווייל וואו איהר זאלט ניט פאהרען, וועט עס אייך אלץ קיין טובה ניט טהאן. איז די גלייכסטע זאך, אז איהר זאלט זיצען דעם גאנצען טאג אין הענטער פארק. וועט איהר ניט זיין אין די „בערג" און ניט ביים ים...

האט שמייע געפאלגט דעם לאדזשען־דאקטאר.

זיצט שמייע אין הענטער פארק און פאכעט מיט דער נשמה...



# א מעשה מיט סטים-היט.



עם פאלגענדען נאָטיץ האב איך געלעזען אין א צייטונג:

לענדלאָרדס!

לענדלאָרדס פון אלערליי סייזעס: גרויסע און קליינע, מאגערע און פעטע, מ י ט בייכער און אהן בייכער, מיט שכל און אהן שכל, א ל ל ע זיינען אויפגעפאָדערט צו קומען צו א ספּעשעל מיטינג אין גארגעלשניידערס האלל, 18 כאפּ סטריט, ערשטען פלאָר. זעהר וויכטיגעס צו פערהאנדלען אין די אינטערעסען פון די לענדלאָרדס. דער מיטינג וועט שטאטפינדען היינט אבענד, 8 אוהר שארפּ (זיי האבען א פנים געמיינט שארפּ).

אונטערגעשריבען אונטער דעם נאָטיץ איז געווען דער סעקרעטאר פון די לענדלאָרדס אסאסיאיישאן, מיסטער י א ל ד י צ ק י.

---

איבערגעלעזען דעם דאזיגען נאָטיץ, האב איך זיך אנגעטהאָן מיין שבת'דיגען סוט, גענומען מיין אינשורענס פאליסי אין האנד און — אוועק צו דעם מיטינג פון די לענדלאָרדס.

צוקומענדיג צום טהיר, האט מיך בעגעגענט א פעטער איד מיט א קליין פּליכעל און מיך געפרעגט ווער איך בין. האב איך איהם א בלאף געטהאָן, אז איך בין א לענדלאָרד, אז איך האב א גרויסע אפּארטמענט־הויז אין די בראנקס, וואו עס וואהנען פיער און נײַנציג טענענטס.

— איז אייער הויז מיט סטים־היט? — האט מיך דער פעטער איד געפרעגט.

— שור מיט סטים! — וואס דען אהן סטים?

— קענט איהר בעווייזען, אז איהר בלאפט ניט? אז איהר זיינט טאקע א לענדלארד?

— שור! — און איך האב איהם דערלאנגט מיין אינשורענס פאליסי.

האט ער בעטראכט די פאליסי פון אלע זייטען און געזאגט: „אלל־רייט, איהר קענט אריינגעהן; מיר זוכען טאקע רייכע לענד־לארדס“.

איך בין אריין אין האלל.

אין האלל איז געווען א טומעל און א געפילדער.

דער לענדלארד וואס האט אנגענומען מיין אינשורענס־פאליסי פאר א „דיעד“ פון א הויז, איז ארויף אויף דער פלאטפארמע, א קלאפ געטהאן מיט א האמער, געהייסען אלעמען זיצען, און איז ארוים מיט א דרשה:

„מיינע ברידער! דער הייינטיגער מיטינג איז זעהר א וויכ־טיגער, מיינע ברידער... אזוי ווי איהר אלע ווייסט, זיינען מיר דא אלע לענדלארדס, זיינען מיר... און עס געהט צו ווינטער, געהט עס... און די טענערס אונזערע וועלען באלד וועלען סטים, וועלען זיי באלד וועלען... און סטים קאסט געלד... וויל איך, אז מיר, די לענדלארדס, זאלען ווערען א טראסט, זאלען מיר ווע־רען... און בעשטימען פון ו ו ע ן אז מיר זאלען אנהויבען געבען סטים צו די טענערס. וואס האט איהר צו זאגען וועגען דעם?“

האט זיך אויפגעשטעלט א הויכער געזונטער לענדלארד און מיט א באסאווע שטימע האט ער געמאכט א פארשלאג, אז די סטים זאל זיך אנהויבען פון צווייטען טאג חנוכה.

— וואס עפעס פון חנוכה? — האט געהילכט א דין שטימעלע פון אן אנדער לענדלארד, — מיין פארשלאג איז, אז מיר זאלען אנהויבען געבען סטים א חודש נ א ך ח נ ו כ ה, דאס איז די ר י כ ט י ג ע צייט.

איז געווארען א קאך, א גערודער, און אלע לענדלארדס הא־בען זיך א הויב געטהאן פון זייערע ערטער און גענומען סטראשען;

מיט קלעפּ דעם פריהעריגען רעדנער. סטייטש, האָבען זיי זיך געקאָכט, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אז מען זאָל אנהויבען געבען אזוי פריה סטים? וואָסי? קויהלען קאָסטען קיין געלד ניט? גוטהערציגע מענשען געוואָרען!...

האָט זיך אויפגעשטעלט אַ שמאַלציג אידעל מיט פּערטומאַ־ניטע אויגען, און געמאַכט אַ פּאָרשלאָג, אז די סטים זאָל זיך אָנ־הויבען פון פּורים. פּורים איז שוין נאָהענט צום ספּרינג, וועט ניט אוועקגעהן קיין סך קויהלען.

האָב איך זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— איך בין דאָגעגען! — פּורים איז צו פריה; פון פּורים ביז פּסח איז פיער וואָכען, און ס'קען טרעפען, אז די פיער וואָכען זאָלען זיין קאַלטע. דארום מאַך איך צום פאָרשלאָג, אז די סטים זאָל זיך אָנהויבען ניט פריהער ווי — ש ב ת ה ג ד ו ל.

אונטערשטיצט! אונטערשטיצט! — האָט עס געהילכט פון אַלע ווינקעלעך.

און אזוי איז געבליבען.



# א וויכטיגער בריעף...



ריי חדשים האט שייע דוד קיין דירה־געלד ניט גע־צאהלט. ניט דערפאר וואס ער האט ניט ג ע־ו ו א ל ט, נאר ווייל ער האט ניט ג ע ה א ט.

דער לענדלארד האט ניט געשוויגען. ער איז יעדען טאג געקומען מאהנען. און שייע דוד האט יע־דען טאג געהאט איין ענטפער: „קראנק“.

מיט אמאל האט דער לענדלארד אויפגעהערט קומען.

איז געבליבען ביי שייע דוד'ן, אז דער לענדלארד איז א פיינער מאן, א גאלדענע נשמה — ניט ווי אנדערע לענדלארדס, וואס מאכען באלד צו מופען; וואס שיקען באלד „מוף־צעטלעך“.

און שייע דוד'ס פרוי און זיין עלטערע טאכטער (א מיידעל מיט א שוואכע הארץ), האבען אויך צוגעשטימט, אז דער לענד־לארד איז א מענש „מיט א דימענטענע הארץ“.

אין אכט טעג ארום האט דער בריעף־טרעגער איבערגעגעבען שייע דוד'ן א קארטעלע פון פאסט־אפיס, אז ער זאל קומען אפנעה־מען א בריעף.

האט שייע דוד געפרעגט דעם בריעף־טרעגער: למאי האסטו דעם בריעף ניט מיטגעבראכט מיט זיך?

האט דער בריעף־טרעגער געענטפערט, אז אזעלכע בריעף מוז מען אליין קומען אפנעהמען. מען מוז זיך פריהער אונטער־שרייבען.

האט זיך שייע דוד גענומען ברעכען דעם קאפ וואס פאר א בריעף איז דאס. קומט איהם אריין אין געדאנקען: אודאי פון

זיין פעטער ליפּא. דער פעטער האָט געהערט, אַז ער איז קראַנק, שיקט ער איהם עטליכע דאָלאַר.

האָט די שייעכע געלאַכט פון איהר שייע דוד'ן: „דיין פע־טער איז ניט פון די פעטערס, וואָס העלפען קראַנקע קרובים. ער איז אַ גרויסער חזיר; פאַר אַ סענט וואָלט ער זיך לאָזען אַרויס־נעהמען דריי באַק־צייהנער!“

רופט זיך אָפּ די עלטערע מיידעל: „דער בריעף איז זיכער פון דער טאַנטע מערי. זי האָט די לעצטע צייט געמאַכט עטליכע דאָלאַר אין „ריעל־עסטייט“ וויל זי אונז מיט עפּעס אַרויסהעלפען“.

הקצור, יעדער איינער האָט געטראַכט און זיך געבראָכען דעם קאָפּ, און געוואָלט טרעפען פון וועמען דער בריעף איז, און וואָס אין דעם בריעף געפינט זיך, און די האָפנונג איז געווען גרויס.

אויף מאָרגען האָט זיך שייע דוד אָנגעטהאָן זיין שבת'דיגע סוטעל מיט די פעטע פלעקען, גענומען אַ „שאַין“ און אַוועק אין פּאָסט־אָפיס.

דערווייל האָט די שייעכע צופויקט צווישען אַלע שכנים פון הויז און פאַר אַלע ווייבער אין גאַס, אַז איהר שייע דוד איז אַוועק אין פּאָסט־אָפיס אָפּנעהמען זעהר אַ וויכטיגען בריעף. אַז זי ערוואַרט זעהר אַ סך פון דעם דאָזיגען בריעף...

דער טומעל וועגען דעם בריעף איז געוואָרען אַזוי גרויס, אַז אַלע שכנים פון הויז און אַלע ווייבער פון גאַס, האָבען, גלייך מיט דער שייעכע, געוואַרט אויף שייע דוד'ן מיט'ן בריעף.

און אַזוי וואַרטענדיג, האָבען עטליכע ווייבער אַרויסגעלאָזען פערשיעדענע סלוכען:

איין אידענע מיט אַ באַראַדאַווקע אויפ'ן נאָז, האָט געזאָגט, אַז שייע דוד האָט בעקומען פון זיינעם אַ פעטער, אַ מיליאָנער, צוגעשיקט צעהן טויזענד דאָלאַר.

אַ צווייטע ווייבעל, מיט אַ בייבי אויפ'ן האַנד, האָט פער־שפּרייט אַ קלאַנג, אַז שייע דוד'ס אַ ברודער, אַ גרויסער פאַבריקאַנט פון סילק און אַטלאַס, איז געשטאָרבען אַ בחור, און אָפּגעזאָגט זיין גאַנץ פערמעגען, אַ מיליאָן דאָלאַר, פאַר שייע דוד'ן.

אבער דא האט זיך בעוויזען שייע דוד א פערשוויצטער, א מיעדער, דאס היטעל פערדוקט אויפ'ן פאטילניצע... אלע ווייבער זיינען איהם נאכגעגאנגען ביז אין שטוב אריין.

שייע דוד האט ארויסגענומען דעם בריעף פון קעשענע, צו־גערופען זיין עלטערע טאכטער זי זאל איבערלעזען: ער קען ניט קיין ענגליש.

דרעהט זיין טאכטער דעם בריעף פון אע זייטען און פער־שטעהט ניט וואס דאס איז.

אלע הערצער קלאפען... קלאפען... שייע דוד ווערט נער־וועז...

רופט זיך אפ א בלאנד ווייבעל, וואס איז דא אין סקוהל גע־גאנגען: „גיט מיר דעם בריעף וועל איך איהם איבערלעזען".

האט שייע דוד ארויסגעריסען דעם בריעף פון זיין טאכ־טער'ס האנד און איהם איבערגעגעבען צו דער בלאנדער ווייבעל.

די שייעכע מיט די אנדערע ווייבער האבען זיך צוזאמענ־גערוקט נעהענטער צו קענען בעסער הערען...

און דאס בלאנדע ווייבעל האט איבערגעקוקט דעם בריעף און — און — — ערקלעהרט, אז דאס איז א — — — א — — — — „מוף־צעטעל!"...



# אַ גליקליכער אַרבייטער...



לעפּאַרעס! איהר זייט אויך מענשען? דער באָס האסט דאָך אייך ווי דעם טויט!

איך זאָג, אַז מען פאַלגט ניט קיין באָס, איז מען ניט ווערטה וואָס מען לעבט אויף דער וועלט. פריהער גאָט און נאָכדעם דער באָס, מאכט מען אַ לעבען. וואָס פאַר אַ פּנים האָט איהר, שלעפּערס — און וואָס פאַר אַ פּנים האָב איך?

אודאי וואָלט געווען אַ סך בעסער, אַז איך זאָל אַליין זיין אַ באָס, אַז איך אַליין זאָל האַלטען אַרבייטער און אַרומגעהן פּוסט און פּאַס און זיך פּאַשען דאָס בייכעל מיט'ן קאַרק. נאָר אַזוי מאַכט אויך ניט אויס. אבי איך האָב אַ דזשאַב און איך אַרבייט און בין בעליעבט, הלואי ווייטער.

אמת, איך ווער פערשוואַרצט און פערפינסטערט און ליג ניין איילען אין דר'ערד און האָב קיין מאָל אויף קיין רענט ניט. אמת... אָבער עס מאַכט ניט. מען קומט יאָקאָש דורך. וואוין איך ניט אויף ריווערסייד דרייוו; וואוין איך אין פּיטט סטריט.

הלואי האָב איך נור די רענט וואָס איך דאַרף צאָהלען אין פּיטט טסריט. וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז איך מוז וואוינען אויף ריווערסייד דרייוו?

פאָהר איך ניט אין קיין אָטאָמאָביל; געה איך ניט אין דער אָפּערא; מען מוז דאָס געהן אין דער אָפּערא? וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז אַן אַרבייטער דאַרף געהן אין דער אָפּערא?

און דאָס וואָס איהר זאָגט „קינדער ערציהונג“, איז דאָס

אויך בלאטע. געהען מיינע קינדער ניט אין האי־סקוהל, ניט אין קאלעדזש, זיינען זיי ניט געבילדעט. וואו שטעהט דאס געשריבען, אז ארבייטער קינדער דארפען זיין געבילדעט?

נאך דאס פעהלט אונז צו די צרות: אונזערע קינדער זאלען געהן אין קאלעדזשעס! וואס? די שעפער, די פאבריקען, די קויהלען־גריבער זיינען פערמאכט פאר זיי?

און דאס וואס איהר זאגט קליידער, — איז אויך ניט ווערטה קיין אויסגעבלאזענע איי. דער עיקר איז דאך ניט דאס מלבוש נאר דער מענש. ניט אזוי? א מלבוש אליין, מעג עס זיין געמאכט פון זייד, פון סאמעט, פון אטלעס, פון גיין־גאלד — איז דאס אלץ ניט מעהר ווי א שמאטע. אבער, אז אין זעלבען מלבוש, אין דער שמאטע הייסט דאס, קריכט אריין א מענש, האט שוין דאס מלבוש אויך א ווערטה.

דעריבער זאג איך, אז דער ארבייטער, וואס פאלגט ניט זיין באס, זיין פארמאן, וואס קוקט תמיד אויפ'ן זייגער און הערט זיך איין צום וויסעל, און וויל קורצע שטונדען און גרויסע ווידזשעס — אזא ארבייטער איז ניט ווערטה וואס די ערד טראגט איהם ארום!

און שולדיג איז די יוניאן! נאר די יוניאן! אזוי זאגט דער באס. און וואס דער באס זאגט, זאג איך אויך.

נאר איין חסרון: איך הוסט. איך שפיי מיט בלוט און דער אטהעם איז מיר א קאפיטשקע צו קורץ...

זאגט אבער דער באס, ס'איז גאר ניט מיט גאר ניט; ס'וועט איבערגעהן. ס'וועט לאנג ניט אנהאלטען... און דער באס ווייסט וואס ער רעדט.

דער דאקטאר דענקט אפילו אנדערש ווי דער באס. דער דאקטאר זאגט, אז איך האב א „טאטש" אויף די לונגען; אז איך מוז סטאפען ארבייטען, פאהרען אין קאלאראדא, האבען פרישע עסענס און געזונטע לופט. האב איך דאס דערצעהלט דעם באס, האט ער זיך אויסגעלאכט פון מיר מיט'ן דאקטאר אין איינעם. ערשטענס, האט דער באס געזאגט, קען א איד אין מיינע יאהרען מעהר ניט קריגען קיין „טאטש"; א „טאטש" קריגט מען בלויז,

זאָגט ער, ביז דרייסיג יאָהר; צווייטענס מוז דער דאָקטאָר מיינער זיין אַ צאָציליסט...

און אזוי רעדענדיג מיט איהם, האָב איך דערוויל אַ הוסט געטהאָן און עס האָט זיך בעוויזען אַ רויטער בלוט־פלעק...

האָט דער באָס ווידער געזאָגט, אַז ס'איז גאָר ניט מיט גאָר ניט. אַז כמעט אַלע זיינע ארבייטער שפייען מיט בלוט...

און ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פריינדליכען קלאַפּ איבער'ן פּלייצע ווי איך וואָלט געווען זיינער אַ חבר, אַ ברודער. וואָס־זשע פעהלט מיר? קוקט איך אָן און קוקט מיר אָן...



# אוים מיט אלע חשבונות!



אהרען לאנג האט דער אלטער ר' גרונם געפעדעלט אין מיסטער זינגער'ס שניידער שאפ.

געפעדעלט האט ער מיט פרעצעלס, וואורשטלעך, הערינג, ניסלעך און אנדערע אכילות.

זעכציג ארבייטער האבען דארט געארבייט. פון די זעכציג האט ר' גרונם געהאט פערציג קאסטאמערס.

פון די פערציג קאסטאמערס האבען בלויז אכט געהאנדעלט אין „קעש" און צוויי און דרייסיג האבען געבארגט.

מאנכע פלעגען איהם בעצאהלען אלע וואך, און מאנכע אלע חודש און ווידער אנדערע פלעגען מיט איהם האבען בעשטענדיגע חשבונות. אז מען איז איהם שולדיג געווען א דאלאר, האט מען איהם איינגעצאהלט אויפ'ן חוב דרייסיג אדער פערציג סענט און ווייטער גענומען.

און אזעלכע חשבונות האט דער אלטער ר' גרונם געהאט אפשר מיט צוואנציג ארבייטער.

קיין ביכער האט ער ניט געפיהרט. אלע זיינע חובות האט ער פערשריבען אין שאפ אויף דער וואנד...

— קיין בעסער בוך־פיהרונג — האט ער געזאגט — דארף מען גאר ניט האבען.

האט מאטעל דער לאנגער געבארגט דריי פרעצעלס מיט א הערינג, האט ער אויפגעשריבען אויפ'ן וואנד: „מאטעל דער לאנגער, שולדיג פערצעהן סענט".

האט שייע דער בייסטער געבארגט פינף וואורשטלעך מיט א זעמעל, האט ר' גרונם פערשריבען אויפ'ן וואנד:

„שייע דער דארער, שולדיג אכטצעהן סענט".
א קורצע און פינקטליכע בוכהאלטעריי!
כמעט אלע ווענט פון שאפ זיינען געווען פערשריבען מיט ר' גרונם'ס חובות; זיין גאנצער קאפיטאל איז דאס געווען...
אז ר' גרונם האט ניט געהאט וואס צו טהאן, אדער ער איז אמאל געקומען פריהער אין שאפ, פלעגט ער זיך אויסווישען די ברילען, זיי אנטהאן, און נעהמען מיט א פענסיל צוזאמענרעכע־נען אלע זיינע חובות אויף די ווענט... האט אונטערגעפיהרט אלע „סך הכל'ס" כדי ער זאל וויסען אויף זיכער ווי גרויס זיין קאפי־טאל איז...
— ווען איך האב דאס געלד — האט ער איין מאל געזאגט — וואס אויף די ווענט פון שאפ איז פערשריבען, וואלט איך מיין שלאפע טאכטער באלד אוועקגעשיקט אויף א פאר וואכען אויף לופט. נאר ס'איז גוטע געלד. די ארבייטער וועלען אלע בעצאהלען.
האט אמאל אויסגעבראכען א סטרייק, איז ר' גרונם תמיד געווען אויף די ארבייטער'ס זייט. „פון די ארבייטער", פלעגט ער זאגען, „מאך איך א לעבען, פונקט ווי דער באס מאכט א לעבען פון זיי".
איינמאל האט אויסגעבראכען א סטרייק, וועלכער האט אנ־געהאלטען צעהן טעג. אונטער דער צייט זיינען ניט די ארבייטער און ניט ר' גרונם, דער פעדלער, געווען אין שאפ.
אז דער סטרייק איז געוואונען געווארען, איז ר' גרונם צו־זאמען מיט די ארביימער ארויף אין שאפ. ווי ער וואלט אויך גע־ווען איינער פון די זיעגער...
אריינקומענדיג אין שאפ, האט זיך פלוצלונג געהערט א גע־שריי, א קרעכץ און א פאל. דאס איז ר' גרונם געפאלען אין אונ־מאכט.
אז מען האט איהם אויפגעמונטערט און איהם געפרעגט, וואס איהם איז, האט ער שטיל ארויסגעקרעכצט:
„אוים מיט אלע מיינע חשבונות. אוים מיט מיין שווערע

האריוואניע. מיין גאנצער פערמעגען איז אבגעווישט געווארען פון דער וועלט".

און ער האט זיך פונאנדערגעוויינט ווי א קליין קינד.

— — — — — — — — — — — —

וואס מיינט איהר האט דא פאסירט? אין דער צייט פון סטרייק האט דער באס דערווייל איבערגעקאלעכט דעם גאנצען שאפ, און ר' גרונם'ס אלע חובות זייגען אבגעווישט געווארען!



# א סטעדי דזשאב.



יך האט גאט געבענשט מיט א פעטער, וועלכער איז אריבער זיעבען פוס הויך און וועגט ארום דריי הונ־דערט פונט.

ווען מען זאל איהם צושניידען אין צווייען, וואלט מען פון איהם געקאנט מאכען צוויי פעטערם.

איהר קענט זיך פארשטעלען ווי הויך ער איז, אז ווען ער וויל זיך אויסטהאן דעם קאפעלוש, מוז ער זיך פריהער אוועקזעצען אויף א ביינקעל.

און וועגען זיין שווערקייט ווערט דערצעהלט, אז מען האט איהם אמאל געדארפט רעטען פון א פייער, האבען איהם די פייער־לייט ניט געקענט ארונטערטראגען מיט איין מאל, און זיי האבען געמוזט געהן צוויי מאל.

און ווי גרויס און פעט ער איז, אט אזא נאר איז ער!

לעצטען שבת האב איך איהם געטראפען אין גאס און איהם געפרעגט אויב ער פערדיענט עפעס?

האט ער מיר געענטפערט, אז ער דערלייגט נאך פיער דאלאר א וואך.

— וואס הייסט איהר דערלייגט, ווי קען דאס זיין?

ערקלעהרט ער מיר, אז זיינע שכירות איז סך הכל אכט דאלאר א וואך. נאר וואס־זשע דען? אין זיין שאפ איז פאראן א געזעץ, אז ווען אן ארבייטער פערשפעטיגט א פיערטעל שטונדע, נעהמט מען איהם ארונטער א קוואדער פון די ווייד־זשעס. דאס מאכט אוים א דאלאר א שטונדע, און אזוי ווי ער פערשפעטיגט כמעט יע־דען טאג צוויי שטונדען צוליעב די קארס און די עלעווייטערם

(מחמת ער וואהנט אין בראנזוויל), נעהמט איהם דער באס ארונ־טער צוויי דאלאר א טאג פון די ווייזשעס. מאכט דאס אויס אזוי גרויס ווי צוועלף דאלאר א וואך. און אזוי ווי זיינע ווייזשעס זיינען בלויז אכט דאלאר, דארף ער, הייסט דאס, נאך צוצאהלען דעם באס יעדע וואך פיער דאלאר. און אזוי ווי ער איז א גרוי־סער ארימאן, א קבצן, לויפט ער נעבאך ארום צווישען בעקאנטע לייהען און בארגען, כדי ער זאל קענען סעטלען מיט'ן באס...

און אזוי ווי ער ארבייט שוין אויף דעם פלאץ צוויי און צוואנציג וואכען, האט שוין דער באס ביי איהם אבגענומען אכט און אכטציג דאלאר.

— קענט איהר דאך פערלאזען דעם שאפ — זאג איך — וואס טויג אייך אזא שטעלע וואס מען דארף דערלייגען פיער דאלאר א וואך?

זאגט ער, אז ער מוז דאס טהאן, אז ניט וואלט ער געקראגען די סעק. און דאס וויל ער ניט. — דא האט ער א סטעדי דזשאב, און א סטעדי דזשאב אין אמעריקא איז שווער צו קריגען.

אט אזא פעמער האב איך!



# ניט בעצאהלט דעם שניידער.



אטע דער לענדלארד האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענס־טער און דערזעהן פון ווייטענס ווי דער שניידער, ווע־מען ער איז שולדיג פאר א סומ, קומט איהם מאהנען דעם חוב. האט דער לענדלארד שנעל ארונטערגעלאזט דעם פענסטער און זיך בעהאלטען אין דער קליידער־שאפע.

אז דער שניידער איז אריין אין הויז, האט איהם די לענד־ליידי געזאגט, אז איהר מאן איז איצטער ניטא אין הויז; ער וועט ערשט קומען צעהן אזייגער ביינאכט.

דאס איז געוועז ארום איינס אזייגער בייטאג.

רופט זיך אפ דער שניידער: אויב אזוי וועל איך צו ווארטען. איך האב צייט. קיין ארבייט איז סיי ווי ניטא.

און ער האט זיך אוועקגעזעצט ווארטען.

די לענדליידי איז געווארען בלאס ווי די וואנד. סטיימש, : ניין שטונדען ווארטען? און וואס וועט זיין דאן? ער'ט דאך מוזען ארויס פון שאפע, וועט דאך דער שניידער זעהן, אז מע האט איהם געבלאפט.

און דער שניידער זיצט און ווארט.

געהט אוועק א שעה און דריי און פיער.

דער לענדלארד שטעהט דארט אין געהאקטע צרות. ער פיהלט, ער ווערט דערשטיקט. עס פעהלט איהם אויס אטהעם.

און דער שניידער זיצט און ווארט. און ווי אויף להכעיס איז נאך זיין טשער אנגעשפארט אן דער קליידער־שאפע.

ארום זיעבען אזייגער פארנאכט האט דער לענדלארד גע־פיהלט, ווי די כחות לאזען זיך איהם אויס; אז אט־אט און ער

פֿאַלט פון די פיס. האט ער זיך גענומען בעוועגען... דער שניידער, ניט וויסענדיג ווער דארט איז, רופט זיך אָפּ צו דער לענדליידי: „פאראַן ביי אייך גרויסע מייז?“

— יא, ענטפערט די לענדליידי — און איהר שטימע ציטערט.

— ווי קומען זיי ביי אייך אין דער שאפע אריין? זיי וועלען דאך אויפעסען די קליידער — — — אבער

דא האט זיך געהערט פון שאפע ארויס א שוואך־פערשטיקט קול:

— בעססי, בעצאהל דעם שניידער — איך שטארב...! בעססי...ראטעווע...

און ס'האט זיך געהערט א פאל!

די לענדליידי האט אוועקגעטריעבען דעם שניידער פון שאפע, אוועקגעווארפען די טשער, געעפענט די טהיר און ארויסגעשלעפט דעם לענדלארד א פער־חלש'טען. זי האט געמאכט קולות, דער שניידער האט געגאסען אויף איהם קאלטע וואסער. שכנים זיינען זיך אנגעלאפען, מען האט געבראכט א דאקטאר. דער דאקטאר איז געקומען, אונטערזוכט דעם לענדלארד און — ערקלערט, אז ער איז טויט.

דערשטיקט געווארען...



# חתונה פרעזענטען.



יי האבען יאהרען־לאנג געארבייט ביי פרויען־וויסטלעך. ביים זעלבען באס, אין זעלבען שאפ.

איין מאל טהוט ער א זאג צו איהר:

— אזוי ווי מיר זיינען ביידע קראנק און ארים און עלענד, וואלט געוועזן ניט קיין שלעכטער פלאן מיר זאלען חתונה האבען.

— וואס זשע וועט זיין? — פרעגט זי.

— וועט זיין בעסער פאר אונז — האט ער געענטפערט — דו וועסט געהן ארבייטען און איך וועל געהן ארבייטען, וועלען מיר, ווי עס איז מאכען א שטיקעל לעבען.

— מיר זיינען דאך אבער קראנקע — זאגט זי — און הוסט א קאפיטשקע אונטער.

— אט טאקע דערפאר דארפען מיר חתונה האבען. אפילו קרענקען איז אויך בעסער צוזאמען... ו ו ע ס ט ו ליגען אין בעט — וועל א י ך דיך בעדינען; וועל א י ך ליגען אין בעט ו ו ע ס ט ו מ י ך בעדינען.

— מיר זיינען דאך אבער ארים און חתונה האבען קאסט געלד.

— וואס פאר א געלד, וואס פאר א שמעלד! א דאלאר מערידזש לייסענס; דריי דאלאר א אידישע חופה און א דאלאר א מערידזש־רינגעל. סך הכל: פינף דאלאר. און פינף דאלאר וועלען מיר נאך צו יעדער צייט קריגען געבארגט ביי א לאנדסמאן.

— און וואס איז מכוח נעהמען א פאר רומס? מע דארף האבען וואו דעם קאפ אוועקצולייגען?

— דאס הויבט מיך ניט אן צו אארען! — זאגט ער — איך וועל פער׳משכנ׳ען מיין וואטשקע און נעהמען צוויי רומס: א קיטשען און א בעדרום.

— און וואו וועלען מיר נעהמען פארניטשור? מע׳ דארף דאך האבען וואס אריינצושטעלען אין די צוויי רומס?

— דאס איז בלאטע! — ענטפערט ער — און ער פערהוסט זיך מיט א קוויטש — מיר׳ן קריגען חתונה פרעזענטס. מיר׳ן לאזען וויסען אין שאפ, אז מיר געהען חתונה האבען, וועל איך פון מיינע חברים און דו פון דיינע חבר׳טעס, קריגען פרעזענטעז. איינער וועט געבען א טיש, א צווייטער א בעט, א דריטער א פאר טשערס, א פערטער א קארפעט און אזוי וועלען זיי אונז אויס־פארניטשען די רומס.

האט זי געזעהן, אז ער רעדט ווי א מענש מיט שכל, האט זי צוגעשטימט צו זיין פלאן.

אין א וואך ארום האבען זיי געשטעלט א חופה, געדונגען צוויי רומס און אריינגעמופט. דאס הייסט: זי האט אריינגע־שטעלט איהר טשעמאדאן און ער זיין סעטשעל...

קוקען זיי ביידע אויף די ליידיגע ווענט און האבען זיך ניט וואו צו זעצען און וואו דעם קאפ אנצושפארען.

אבער דער יונגער בעל־הבית׳ל פערלירט ניט זיין בטחון. ער איז זיכער, אז די בעקאנטע וועלען זיך דערמאנען אז זיי און זיי וועלען אנהויבען ברייננגען די פרעזענטעז...

דערווייל זיינען זיי די ערשטע צייט געשלאפען אויף דער הוילער ערד, אונטערגעבעט מיט אידישע צייטונגען...

מיט וואס זיי האבען זיך צוגעדעקט פרעגט איהר? זי מיט איהר היימישער שאל, וואס איהר מאמע האט איהר אמאל אהער געשיקט מיט א לאנדסמאן, און ער — מיט זיין אלטען ווינטער־דיגען אווערקאוס.

כדי עס זאל איהם זיין ווארעמער, האט ער אריינגעשטופט די פיס אין די ארבעל...

אויפ׳ן דריטען טאג האט זיי א בעקאנטע געבראכט א פרע־

זענט א שאמפניער־סעט, א לאנגע שמאלע פלעשעל מיט זעקס בעגילדעטע גלעזעלעך ארומגעהאנגען.

האבען זיי שוין, הייסט עס, א שאמפאניער סעט!

דאן האבען זיי בעקומען צוויי בילדער מיט אויפגעמאלטע פיש וואס הענגען אויף א שטריקעל.

א געוועזענע מיסעס, ביי וועמען זי האט א מאל געדינט, האט איהר געבראכט א פאר אפערא־גלעזער...

זיינער א חבר, א סאציאליסט, האט איהם געגעבען קארל מארקס „קאפיטאל" אין צוויי שווערע בענדער...

האט ער שוין, הייסט עס, קארל מארק'ס קאפיטאל...

נאך א פריינד האט איהם אריינגעשיקט א פיגור פון ווענוס. די געטין פון ליעבע, אהן הענד...

קוקענדיג אויף די פיגור פון ווענוס האט זיך ביי דעם יונגען פאאר פאלק ענטוויקעלט א דעבאטע. זי האט בעהויפטעט, אז זיין פריינד האט געקויפט די פיגור אהן הענד, ווייל אהן הענד קאסט ביליגער. די זעלבע פיגור מיט הענד, וואלט געקאסט א סך מעהר... און ער האט בעהויפטעט, אז די דאזיגע פיגורען קומען אזוי געמאכט. איז פאר וואס מאכט מען זיי עפעס אהן הענד? ווייסט ער ניט: נור ער שטעלט זיך פאר, אז אין איהרע מקומות, פון וואנען זי קומט, איז נאך ניטא קיין שעפער מיט קיין באסעס, און דערפאר דארף מען נאך דארטען ניט האבען קיין הענד...

דאן האט איהרע א חבר'טע געבראכט צוויי וואזאנעס אויף צוהאלטען בלומען...

ווייטער האבען זיי בעקומען א האלבען דאזען סלאיקלעך אויף צוהאלטען איינגעמאכטס, א דאזען „קנאקערס" אויף צוקנאקען ניס, א פאאר גאלדענע קאף־באטאנס און א ביידינג־סוט.

קיין בעט, קיין טיש, קיין טשער האט קיינער ניט געגעבען.

און ווידער שלאפען זיי אויף דער ערד אונטערגעבעט מיט אידישע צייטונגען: און ווידער ליגט זי צוגעדעקט מיט איהר שאל און ער מיט זיין אווערקאוט: און ווידער שטופט ער אריין ביידע פיס אין די ארבעל, עס זאל איהם זיין ווארעמער...

# ליעבע און טויט.



ז א יונגער מאן האט קיין שכל ניט, מוז ער זיין א בהמה.

דאס איז אזוי אמת, ווי צוויי מאל צוויי איז פיער.

און אזא בהמה איז געווען דער העלד, וועמען איך געה אייך איצט אבמאהלען.

מיר וועלען איהם, אויף א טשיקאוועסט, רופען חיים לייזער.

פאר וואס עפעס חיים לייזער? זאל איך אזוי וויסען פון א בייזע וועטשערע! איך האב איהם געקענט, פאר'ן זעלבען געלד, רופען מנשה נח, איטשע דוד, ירוחים תנחום, גרונם עלי...

געהט ער, דער דאזיגער חיים לייזער, און בעקענט זיך מיט א מיידעל א שטיפערקע, א קאקעטקע, א טענצערקע, מיט א מיידעל, וואס יעדער טראט ברענט אונטער איהרע פיס. און ניט נאר דער טראט, נאר דער גאנצער קערפער: די אויגען שיסען פונקען, די באקען ברענען; דאס בלוט קאכט און זידט און פלאקערט!

איהר האט מען גערופען דוקא מערי.

פאר וואס דוקא מערי? ווייס איך ניט!

איז די דאזיגע מערי ארומגעגאנגען מיט אונזער חיים לייזער'ן עטליכע וואכען. חיים לייזער האט געספענט אויף איהר א היבשע פאר דאלאר: א פאר „קיד־גלאווס“, א רעגען־שירם, א „פאקעט־בוק“, א „וויסטעל“, טאנץ־שיכלאך און נאך אזעלכע שמאכטעס.

חיים לייזער האט געגעבען און מערי האט גענומען: מערי האט גענומען און חיים לייזער האט געגעבען.

פון קענדים און אנדערע נאשערייען, איז אבגערעדט!

חיים לייזער איז בטבע א מענש מיט א אבל'דיגע נשמה. ער וועט בעסער צעהן מאל זיפצען איידער איין מאל שמייכלען.

זיינע בעקאנטע זאגען, אז ער איז פון תמיד אן אזא אומעטיגער.

עס קען זיין, אז ס'איז דערפאר, וואס ער איז א יתום. א פאלנער יתום: ניט קיין טאטען און ניט קיין מאמען. אפילו זיינע שוועסטער און ברידער זיינען אויך געשטארבען און דוקא דא, אין אמעריקא, אין גאלדענעם לאנד.

איז חיים לייזער פערבליעבען איינער אליין, איז ער ניעדערגעשלאגען.

פאלט איין חיים לייזער'ן: ער וועט מיט זיין געליעבטער מערי'ן ארויספאהרען אביסעל אויפ'ן בית עולם. ווייזען מערי'ן וואו זיין משפחה געפינט זיך: זאל זי זעהן, אז ער קומט ניט ארויס פון קיין שטיין...

וואלט חיים לייזער ניט געווען חיים לייזער, וואלט ער מיט מערי'ן בעסער ארויסגעפאהרען אונטער'ן שטאדט אין א וואלד, אדער אין א פארק. און ער וואלט גענומען א שיפעלע און זיך געשיפט מיט איהר אויפ'ן קלאהרען טייך, צווישען גרינע ברעגען.

איז דאך אבער חיים לייזער — חיים לייזער! שלעפט ער ארויס זיין געליעבטע אויפ'ן בית עולם.

און אט געהט ער ארום מיט איהר צווישען די שטילע קברים...

מערי האט ניט קיין חשק צו געהן, אבער חיים לייזער שלעפט איהר פאר'ן האנד: „קום, קום מערי, בעט זיך ביי איהר חיים לייזער, קום, וועל איך דיר אנווייזען אלע קברים פון מיין פאמיליע, קום!"

חיים לייזער געהט פאראויס, און מערי שלעפט זיך נאך. און אלע ווייל'ע שטעלט ער זיך אפ פאר א מצבה:

— זעהסט, מערי, אט די ליעגט מיין גאט־זעליגער פאטער: געשטארבען צו 46 יאהר. און דא ליעגט מיין טהייערע מוטער. געשטארבען ווען זי איז אלט געווען 44 יאהר. און דא ליעגט מיין עלטערע שוועסטער חוה. געשטארבען אין א קימפעט. און דא

(ווייזט ער אן מיט א פינגער) ליגט מיין אינגערע שוועסטער עטהעל, א כלה־מיידעל. זי איז געשטארבען פון טשאכאטקע דריי וואכען פאר דער חתונה. און דא ליגט מיין ברודער, מיין אינגער ברודער, איציק מאיר. ער איז געשטארבען פון א הארץ־קראנקהיים. א שעהנער באי געווען!

און חיים לייזער נעהמט מאכען „פיסקעס", און יאמערט זיך פאנאנדער.

מערי קוקט אויף איהם מיט שרעק: זי ציטערט ווי א בלאט. זי בעט זיך, אז ער זאל איבערלאזען די איבעריגע קברים אויף אן אנדערס מאל. אבער חיים לייזער וויל דערפון ניט הערען: „אז מיר זיינען שוין דא" — בליפעט ער — „טא לאמיר בעטראכטען אלע קברים!"

און ער ווייזט איהר אן אויף נאך קברים. און מערי'ן דאכט זיך אויס, אז דער גאנצער בית עולם בעלאנגט צו חיים לייזער'ן.

אזוי איז אוועק דער גאנצער טאג. ערשט ווען די נאכט האט אויסגעשפרייט איהרע גרויע פליגעל און איינגעוויקעלט די מצבות אין טונקעלע שאטענס, ערשט דעמאלט איז חיים לייזער ארונטער פון בית עולם און זיך געלאזט געהן צום קאר.

מערי האט מורא געהאט א קוק צו טהאן אהינטער זיך: עס האט זיך איהר אויסגעדאכט, אז חיים לייזער'ס גאנצע משפחה איז ארויס פון די קברים און יאגט איהר נאך — — — — — — — —

און חיים לייזער, דער בהמה, האלט איהר פאר'ן האנד און הערט ניט אויף צו זיפצען, ער זיפצט און רעדט:

— הערסט, מערי, דער מענש האט גאר קיין ממשות ניט! א פליג, א שטויבעלע, א גארניט! אט לעבט ער און אט איז אויס מיט איהם! ניט אומזיסט פערגלייכט מען דעם מענשען צו אווארעם...

אט אזוי האט חיים לייזער גערעדט און געזיפצט א גאנצען וועג.

איצט וואונדערט זיך חיים לייזער, וואס מערי שלעפט זיך שוין ארום מיט אן אנדער בחור — — — — — — — — — — —

# פנחס וויל א כלה.



ענט איהר מיין בארדער סענדער?
— איך קען איהם.
— און דעם צווייטען בארדער?
— קען איך אויך.
— און דעם דריטען בארדער?
— וועלכען, דער וואס פאנפעט?
— ניין.
— וועלכען דען, דער וואס הינקט אויף א פוס?
— ניין, איך מיין דעם, וואס האט א שוואך הארץ מיט א קורצען אטהעם.
— וואס געהט תמיד ארום ליידיג?
— יעס, יעס, דעם מיין איך. קענט איהר איהם?
— אודאי קען איך איהם. ער איז מיר שולדיג עטליכע דאָלאר. וואס איז דען?
— גאר נים. איך וועל אייך שפעטער דערצעהלען. און זיין נאמען ווייסט איהר?
— איך האב פערגעסען. דאכט זיך, אז ער הייסט משה.
— נים געטראפען.
— פנחס.
— געטראפען!
— איך האב געוואוסט, אז ער הייסט פנחס, נאר איך האב זיך נים געקענט דערמאנען. וואס האט דען געטראפען מיט איהם?
— אט וועט איהר הערען:

— אונזער „שארשינער לאדזש“ האט געהאט א באלל, האט זיך דער דאזיגער באַרדער מיינער, פנחס, בעקענט מיט דעם פרע־זידענט׳ס טאכטער, א שעהן מיידעל מיט חן־גריבלעך אין די באקען. האט ער, פנחס הייסט דאס, מיט איהר געטאנצט און זיך פערליעבט אין איהר און געבעטען איהר האנד.

— נו ?

— האט זי געענטפערט דאס אייגענע וואס א סך אידישע טעכטער ענטפערען : „מיסטער, איך קען אייך ניט געבען קיין האנד, ניט קיין באק, ניט קיין ליפ אהן מיין טאטענ׳ס צושטימונג“.

איז מיין פנחס ניט געווען קיין בהמה און באלד אויף מארגען אריבער צו איהר טאטען, דעם פרעזידענט, בעטען זיין טאכטער׳ס האנד, און דערביי אויפגעעפענט זיין פערליעבטע הארץ און אויס־געגאסען אלע זיינע ליעבעס־געפיהלען...

האט איהם איהר פאטער אויסגעהערט, איהם בעטראכט מיט מאדנע בליקען און איהם גענומען שטעלען א גאנצען צעטעל מיט פראגען :

זייט איהר אונזערער א לאנדסמאן ?

שטאמט איהר פון א פיינער משפחה ?

האט איהר א סך געלד ?

זייט איהר געבילדעט ?

האט איהר אן עדעלען כאראקטער ?

וועט איהר בעהאנדלען מיין טאכטער ווי א מענש ?

זייט איהר ניט קיין קארגער ? וועט איהר קענען שיקען מיין טאכטער יעדען זומער אין קאנטרי און יעדען ווינטער אין דער אפערא ?

קענט איהר אויספיהרען צו מאכען מיט מיין טאכטער א האכציימס־רייזע אין יוראפ ?

קענט איהר דייטש, פראנצויזיש, העברעאיש ? מיין טאכטער איז זעהר א געבילדעטע : זי קען שפיעלען פידעל און פיאנא און לעזט זעהר פיעל ביכער.

האט מיין פנחס אויסגעהערט דאס גאנצע צעטעל און גע־פרעגט?

— מיסטער, איהר זייט שוין פארטיג?

— פארטיג — האט דער פרעזידענט געענטפערט.

— איצט — זאגט פנחס — וועל איך אייך אויך שטעלען עטליכע פראגען.

— שטעלט! — האט דער פרעזידענט בעפוילען.

און פנחס האט אנגעהויבען:

קען אייער מאכטער אנגעהען קנעפלעך?

און פערצירעווען זאקען קען זי?

און וואשען וועש און סקראבען דעם פלאר קען זי?

און איינמאראנירען הערינג קען זי?

און אבקאכען קנאבעל־בארשט קען זי?

און אויסרייבען א רוקען מיט עסיג קען זי?

און געהן ארבייטען אין א שאפ קען זי? — מחמת איך בין ניט פאר אייך געדאכט, זעהר א שוואכער מענש, קוים וואס איך שלעפ די פיס... מיין טאטע איז אויך געווען א שוואכער מענש, און מיין זיידע איז אויך געווען א שוואכער מענש... איהר פערשטעהט? דארפען מיר האבען ווייבער וואס זאלען אונז געבען עסען און טרינקען און א פאר מאל דורכ׳ן וואך אויסרייבען דעם רוקען מיט עסיג. מיין מאמע, מיר צו לאנגע יאהר, האט אויך געהאט אזא פרוי... און דער זיידע מיינער האט אויך געהאט אזא פרוי. אלע מיינע ברידער זוכען אזעלכע פרויען...

— נו, וואס איז געווען דער סוף?

— דער סוף איז געווען, אז דער פרעזידענט האט איהם ארויסגעטריבען פון הויז און פערקייטעלט די טהיר...



# היינטיגע מיידלאך.



ז די גאל וועט ביי מיר ניט פלאצען, וועל איך זיין שטארקער פון אייזען...

גוט וואס איך האב איך געטראפען. אפשר אז איך וועל זיך אבריידען פון'ם הארצען, וועט דער וועהטאג קלענער ווערען. איך רעד דאס וועגען די היינטיגע מיידלאך. אז זיי כאפען אריין א בחור אין זייער נעץ, איז וועה צו דעם בחור'ס יאהרען! איז ער אונגליק־ליך אויף זיין גאנצען לעבען. זיי טאטשען זיין הארץ און גריזשען זיין נשמה.

קיין אמת ווארט איז ביי זיי ניטא. נור מע'געהט מיט פאלש־קייט און ליגען.

פונקט ווי א ביהן זויגט אויס די זאפט פון א רויז, אזוי זויגט א מיידעל אויס דעם מארך פון דיביינער ביי א יונגען מאן.

הערט, אדרבה, וואס מיט מיר האט פאסירט:

דעם ערשטען מאי האב איך ניט געארבייט. בין איך אוועק אין סענטראל פארק. דאס גראז האט געשמעקט, די בוימער האבען גערוישט, פייגעלאך האבען געסוויסטשעט — א מחיה!

נעהענדיג אזוי, האב איך געטראפען זיצען אויף א באנק אונטער א בוים, א בעקאנטע מיידעל, טאקע פון מיין שטעדטעל. איהר טאטע און מיין טאטע זיינען געווען, קען מען זאגען, די גרעסטע קבצנים פון שטעדטעל. איך מיט איהר זיינען געגאנגען אין זעלבען חדר און זיך געשפיעלט אין די זעלבע בלאטעס.

אין אמעריקא זיינען מיר אויך געקומען כמעט אין דער זעלבער צייט. איך מיט צוויי וואכען פריהער. אלט איז זי געווען ביי

אן אכטצעהן יאהר. אבער א שעהנע. און ווען איהר קוקט אויף איהר, דאכט זיך אייך אויס, אז זי שעהמט זיך... א זיס חנ'עוודיג מיידעל!

האב איך זי געטראפען זיצען אויף א באנק איינע אליין אונ־טער דעם שאטען פון א הויכען בוים.

האב איך אויסגערופען — מירעל! —

האט זי זיך פון אנהויב דערשראקען און א קוויטש געטהאן. אבער ווען זי האט דערזעהן ווער דאס איז, איז זי געקומען צו זיך און מיט גרויס פרייד אויסגערופען: הערשעל! און מיר האבען זיך דערלאנגט די הענד.

איך האב זי געפרעגט וואס זי זיצט דא אליין, און וואס מאכט זי און ווי עס געהט איהר און אויב זי האט שוין א חתן.

האט זי, ווי תמיד, אראבגעלאזט די אויגען און האלב־שעהמ־עוודיג געקוקט אויף מיר און געזיפצט...

הקיצור, איך האב זי ניט אבגעלאזען און זי האט מיר פאר־מעליך, מיט טרעהרען אין די אויגען, דערצעהלט, אז מיט איהר האט אן אונגליק געטראפען... פרעג איך זי, וואו?

ענטפערט זי: דא, אין אמעריקא. פרעג איך זי: שוין לאנג? ענטפערט זי: מיט א יאהר צוריק... זי האט זיך דא בעקענט מיט א יונגען אפטייקער, האט ער זיך אין איהר פערליעבט. איהר געשווארען, אז ער וועט מיט איהר חתונה האבען. זי האט איהם געגלויבט און — זי איז פון איהם פערפיהרט געווארען... אין עטליכע טעג ארום האט זי אויסגעפונען, אז דער אפטייקער האט א פרוי מיט א קינד און — זי איז געבליעבען אונגליקליך אויפ'ן גאנצען לעבען. זי האט שוין אפילו געטראכט אריינצו־שפרינגען אין די קיהלע כוואליעס פון'ם האדסאן ריווער...

און זי האט זיך פאנאנדערגעכליפעט אויפ'ן קול: — איצט וויל קיינער ניט וויסען פון מיר. מען טרייבט מיך. מען האסט מיך, מען יאגט מיך, איך בין עלענד ווי א שטיין...

זעהענדיג, ווי זי וויינט, איז מיין הארץ אנגעפילט געווארען מיט רחמנות צו דער אונגליקליכער, פערפיהרטער מיידעל.

איך האָב זי גענומען גלעטען איבער די האָר און טרייסטען:
„וויין נים, מירעלע! וויש זיך אוים די טרעהרען... אַזאַ שעהנע מיידעל דאַרף נים וויינען... איך וועל דיר נים לאַזען פאַלען... איך גלייך, אַז אַ מיידעל זאָגט דעם אמת, אַז זי איז אָפענהערציג... אַזוי דאַרף זיין... איך וועל דיך בעשיצען... שאַ... וויין נים..."

מירעלע האָט זיך ביסלעכווייז בערוהיגט...

דער סוף איז געווען, אַז איך האָב זיך אין איהר פערליעבט.

צוויי וואָכען נאָכדעם, זיינען מיר שוין געווען געזעצליך פער־הייראטה. דעם טאָג פון דער חופה האָב איך זיך געפיהלט גליק־ליך: דער געדאַנק, אַז איך ראַטעווע אַ פערפיהרטע מיידעל פון אונטערגאַנג, אַז איך מאַך גליקליך אַן עלענדע, אַ בעטראָגענע — האָט פערדאָפּעלט מיין גרויסע שמחה...

איצט הערט מיין אונגליק:

נאָך דער חתונה האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מירעלע האָט מיך פּשוט אָבגענאַרט. די גאַנצע מעשה וועגען איהר אונגליק האָט זי אויסגעטראַכט, כדי צו ערוועקען מיטלייד צו איהר, כדי עס זאָל מיך אַ נעהם טהאָן... כדי איך זאָל מיט איהר חתונה האָבען...

— איהר פערשטעהט אַן אונגליק? איך פרעה זיך, וואָס איך ראַטעווע אַ פערפיהרטע מיידעל, אַן אונגליקליכע, לאָזט זיך גאָר אוים, אַז זי האָט מיך געבלאָפט!

אָט וואָס היינטיגע מיידלאַך קענען. אָהן בלאָפס, אָהן שווינ־דעל געהט עס נים ביי זיי...



# צוויי ביכער.

### א מעשה'לע.



מאל איז געווען א דיכטער. האט ער ניט געוואוסט דעם אונטערשיעד פון א האלבען דאלאר ביז א גאנ־צען דאלאר.

האט דער דאזיגער דיכטער תמיד געטראגען קליידער אהן קעשענעס...

דערפאר איז דער דיכטער געווען רייך אין שכל, אין טאלאנט, אין גראמען און אין שפראך.

זיינען ליעדער האבען זיך ארומגעטראגען אויף אלעמענס ליפען: מען האט זיי געזונגען, דעקלאמירט און גלאט אזוי געלעזען.

האט מען גערעדט מיט איהם, איז מען ענטציקט געווארען:

פון זיין מויל האבען זיך פערעל געשאטען. זעלטענע פערעל! פון די אמת'ע פאטען!

און געהאט האט דער דיכטער א צארט געזיכט און שווארצע אויגען.

און געליעבט האט ער א מיידעל, אויך א שעהנע און אויך מיט שווארצע אויגען.

אריבער דרייסיג ליעדער האט ער שוין וועגען איהרע אויגען געשריבען.

אבער דאס מיידעל האט זיך פערהאלטען קאלט צו איהם — ניט איהר מיינט מען דאס...

אבער דער דיכטער האט זיך געטהאן זיינס: בעזונגען איהרע אויגען מיט א פלאמענדע בעגייסטערונג. ער האט פערגליכען איה־

רע אויגען צו סוף חודש נעכט: צו פליגעל פון ראבען; צו שוואר־צע אבגרונדען; צו גליהענדע קויהלען און אזוי ווייטער און ווייטער...

דאן זיינען זיינע ליעבעס־ליעדער ארויסגעגאנגען אין א בוך.

פאלט דעם דיכטער איין: ער וועט נעהמען א בוך מיט זיינע ליעדער און אוועק צו דער מיידעל מיט די שווארצע אויגען, און עס איהר מאכען א מתנה. טאמער וועט זי ווערען מילדער צו איהם, ליעבליכער; טאמער וועלען זיינע גליהענדע ליעדער דער־ווארעמען איהר קאלטע הארץ...

נעהמט ער א בוך און לאזט זיך געהן צו איהר — — —

האט דער דיכטער א בעקאנטען געהאט. איז ער א פראסטער נפש געווען: ניט ער האט געקענט שרייבען, ניט ער האט געקענט לעזען.

ער האט ניט פערמאגט קיין הארץ, קיין נשמה, קיין שכל — בלויז געלד.

א רייכער בחור!

איז ער געווען א שעהנער? ניין! ער איז געווען א מיאוס־ער: א געשטופעלט פנים, אויגען וואסערדיגע, א שמאל שטערנ־דעל און לאנגע אויערען — —

האט דער דאזיגער נפש געליעבט דאס זעלבע מיידעל וואס דער דיכטער. אזוי ווי קיין ליעדער שרייבען האט ער ניט געקענט, בעזינגען איהרע שווארצע אויגען—אויך ניט; און רעדען שעהן—אויך ניט; איז איהם איינגעפאלען: ער וועט גאר ניט רעדען. ער האט געלד, זאל דאס געלד רעדען...

דער קלאנג פון געלד קלינגט שעהנער אין א מיידעל'ס אויערען, ווי דער קלאנג פון ליעדער...

האט ער איהר מתנות געמאכט: היינט — א רינגעלע; מאר־גען — א זייגעריל; איבערמארגען — א בראסלעטעל.

גאלדענע מתנות!

אבער עס נעהמט איהר ניט: זי איז צו איהם אויך קאלט...

פאלט איהם איין: ער וועט נעהמען זיין באנק־בוך און אוועק

צו דער מיידעל מיט די שווארצע אויגען, אפשר וועט דאס העל־פען; טאמער וועט זי ווערען פריינדליכער צו איהם; טאמער וועלען די גרויסע ציפערען פון זיין באנק־בוך דערוואַרעמען איהר הארץ...

און ער נעהמט דעם באנק־בוך און לאזט זיך געהן צו דער מיידעל מיט די שווארצע אויגען.

ביים אריינגאנג האבען זיך ביידע בעגעגענט: דער דיכטער מיט'ן ליעדער־בוך און דעם דיכטער'ס בעקאנטער מיט'ן באנק־בוך.

— וואו געהסטו? — פרעגט דער דיכטער.

— צו דער מיידעל מיט די שווארצע אויגען.

— און דו?

— אויך צו דער מיידעל מיט די שווארצע אויגען.

— וואס האסטו אין האנד?

— א באנק־בוך.

— און דו?

— א ליעדער־בוך...

— הא! — הא! — הא! מיט א ליעדער־בוך געהט ער צו א מיידעל! הא! — הא! — הא! — הא!...

— וואס דען, מיט א באנק־בוך?

— אודאי! נאר מיט א באנק־בוך!

אט שטעהען זיי שוין ביידע פאר דער מיידעל.

דער דיכטער רעדט אין א בלומען־שפראך. די אויגען ברענען מיט ליעבע; דאס הארץ קלאפט מיט ליעבע; די נשמה בעטעלט ליעבע... ער שווערט זיך ביי דער גאלדענער זון, ביי דער בלאסער לבנה, ביי די פינקעלדיגע שטערען, ביי דעם זונען־אויפגאנג, ביי דעם מורמעל פון טייכעל — ביי אלע שעהנע זאכען. אבער דאס מיידעל מיט די שווארצע אויגען איז גלייכגילטיג צו איהם. זי פערשטעהט נים די שפראך.

— האסטו א באנק־בוך? — פרעגט זי.

— ניין, א ליעדער־בוך!... אריבער דרייסיג ליעדער וועגען דיינע אויגען געפינען זיך אין בוך.

— א ליעדער־בוך? — וואס טויג מיר א ליעדער־בוך? וואס קען מען היינטיגע צייטען אויפטהאן מיט א ליעדער־בוך?

דער דיכטער איז ארויס א דערשלאגענער...

— און דו? — האט זיך דאס מיידעל געוואונדערט צום בחור מיט די לאנגע אויערען — האסט אויך א ליעדער־בוך?

— ניין! — און ער דערלאנגט דער מיידעל אין האנד אריין דעם באנק־בוך.

זי טהוט א קוק אויף דעם ציפער... איהרע שווארצע אויגען צינדען זיך אן מיט א ליעבעס־פייער'ל... זי ענטפערט: „יא"...

די שפראך פון באנק־בוך האט זי בעסער פערשטאנען...



# פלעזשור...



אסי די פינישערין איז א כלה געווארען פאר איזי דעם בארבער.

איזי איז געווען א לעבע־יונג, א ספארט, און גאסי איז געווען א קארגע.

איינמאל זיינען זיי אויסגעגאנגען שפאצירען. האט איזי געררעכענט צו געבען זיין כלה א „גוד־טיים", ספענדען אויף איהר עטליכע דאלאר. זאל זי איינמאל אין איהר לעבען האבען א קאפ פלעזשור.

געהען זיי אזוי ביידע אין גאס. רופט זיך אפ איזי: גאָ־סעלע, ווייסט וואס מיר איז איינגעפאלען? מיר איז איינגעפאלען אריינגעהן ערגעץ אין א טהעאטער.

— מען דארף ניט! — רופט זיך אפ גאסי — עס געהט צו דער חתונה און מיר דארפען האבען געלד.

געהען זיי פארביי אן אייז־קרים פארלאר. רופט זיך אפ איזי: גאסעלע, טהייערע, לאמיר אריינגעהן טרינקען אן אייז־קרים סאדא.

— מען דארף ניט! מיר'ן זיך בעגעהן אהן אייז־קרים.

געהען זיי פארביי א בעקערי. זאגט איזי: גאסעלע, לאמיר באטש קויפען פאר צעהן סענט קייק.

— ניין, איזילע. דאס איז א נאשעריי. נים נויטיג!

געהען זיי פארביי א מואווינג פיקטשור פלאץ. זעהט ער אין דרויסען א סיין, אז מען שפיעלט די „מלחמה כלות". זאגט ער: גאסעלע, מיין לעבען, לאמיר אריינגעהן זעהן די „מלחמה כלות".

זאגט זי: ניין, איזילע, מען טאר ניט; מען דארף קלייבען א מיט רחמנות צו דער אונגליקליכער, פערפיהרטער מיידעלע'ן...

סענט צו א סענט. פון סענטען ווערען קוואָדערס, פון קוואָדערס ווערען דאָלארס — פערשטעהסט?

— איך פערשטעה, אָבער מע'דארף דאך אמאל האָבען פּלעזשור אויך.

— ניט נויטיג, — ענטפערט גאָסי — מען קען זיך בעגעהן אָהן פּלעזשור.

ווערט איזי'ן קאָלעמוטנע אויפ'ן הארצען. וואָס טויג איהם א כלה וואָס לאָזט איהם קיין פּלעזשור ניט האָבען? און אויב זי איז שוין איצט אזא קארגע, ווי וועט זי זיין נאך דער חתונה?

אָבער איזי שווייגט. ער שווייגט און טראַכט וואָס ווייטער צו טהאָן.

פּלוצלונג רופט זיך אָפּ איזי: גאָסעלע, לאָמיר אהיים געהן.

זאָגט גאָסי: אָל־רייט, לאָמיר געהן.

געהען זיי פאַרביי א פּושקארט מיט מאַנדלען.

זאָגט איזי: גאָסעלע, לאָמיר כאָטש קויפען פאַר צעהן סענט מאַנדלען.

זאָגט גאָסי: מעט זיך בעגעהן אָהן מאַנדלען.

געהען זיי ווייטער, ביז זיי קומען אהיים. פרעגט גאָסי'ס מאַמא: קינדערלאך, וואו זייט איהר געוועזן?

— שפּאַצירען, ענטפערט איזי.

— געהאַט „פּלעזשע"? — פרעגט די אַלטע מאַמע.

— א וועלט מיט פּלעזשור! — רופט אויס איזי מיט סם אויף די ליפּען — אז מ'געהט אויס מיט אייער גאָסעלען, קען מען שוין האָבען א סך פּלעזשור!...

— וועט איהר אפשר טרינקען א גלעזעל טהעע? — פרעגט גאָסי'ס מאַמע.

— יא, — ענטפערט איזי.

געהט די אַלטע ארונטער אין גראָסערי נאָך טהעע.

בלייבען זיי אליין אין הויז. געהט איזי צו צו גאָסי'ן:

— גאָסעלע, ביזט מיעד?

— ניין.

— לאז דיר א קוש טהאן.

— ניט נויטיג — ענטפערט גאסי.

— איך האב פלעזשור דערפון.

— איך דארף ניט קיין פלעזשור.

— אבער אזא פלעזשור קאסט דאך ניט קיין געלד.

— טשעפע זיך אפ!

ווערט שוין איזי גוט אין כעס: — אויב אזוי — זאגט ער, — וועל איך זיך זוכען אזא כלה, וואס וועט מיר ניט שטערען מיינע פערגעניגענס. פאראן גענוג מיידלאך אין ניו יארק!

— — — — — — — — — — — —

איזי איז שוין פערהייראט. אבער ניט מיט גאסי'ן, נור מיט א גיטעלען.

נעכטען האב איך איהם געטראפען אין גאס שטופען א בייבי־קערידזש, און זיין ווייבעל, אן אויסגעפוצטע ווי א ליאלקע, מיט אן אפגעפארבט פנים און פאלשע האאר, איז נאכגעגאנגען און געשמאטשקעט קענדי.

איזי אליין האט אויסגעזעהן אין דר'ערד, ניט אפגעשייוועט, מיט איינגעפאלענע באקען און אויסגעדרעהטע שיך.

ווי עס ווייזט אויס, וועט שוין איזי שטארבען אהן פלעזשור...

ארימער איזי.



#ביידע ווילען זיך גט'ען.



יך בין געזעסען ביים ברעג ים. דאס זאמד האט גע-גליהט ווי פייער.

א געזאלצען ווינטעל האט שווער געאטהעמט, עס האט זיך אויסגעדאכט, אז דאס ווינטעל אליין בעט אויף א רעגען, עס זאל זיך א ווייל אפקיהלען...

די טונקעל-גרינע בוואליעס האבען פרעהליך געשטיפט; גע-פרובט איינע די אנדערע אריבעריאגען און נים געקענט...

און די זון האט ארונטערגעלאכט מיט א גאלדענעם געלעכטער און נחת געקליבען...

פרישע אויסגעבאדענע פרויען-לייבער האבען גערייצט, און ארויסגערופען ביי מענער זינדיגע מחשבות.

דא האב איך דערהערט ווי אימיצער דערמאהנט מיין נאמען. איך האב זיך אומגעקוקט און דערזעהן צוויי פרישע, אויסגעבאדענע ווייבלעך לעבען מיר. נים קיין מיאוס'ע, שווארץ-חנ'עוודיגע.

— ווער זייט איהר? — האב איך פערוואונדערט געפרעגט ביי זיי.

— מיר זיינען צוויי שוועסטער — האט די עלטערע געענט-פערט— מיר זיינען ביידע פערהייראט און מיר האבען קינדער. איך בין רייך און זי (אנווייזענדיג אויף דער איננערער) איז ארים. אבער אומגליקליך זיינען מיר ביידע.

— וואס-זשע האט דאס צו טהאן מיט מיר?

— מיר ווייסען ו ו ע ר איהר זייט; מיר קענען אייך, און מיר האלטען אייך פאר א פרויען-פריינד. מיר ווילען זיך מיט

איך אַז עצה האַלטען וועגען אונזער פאַמיליען־לעבען. מיר ווי־לען זיך ביידע גט'ן מיט אונזערע מענער.

— פאַר וואָס ווילט איהר זיך גט'ן? — האָב איך געפרעגט די רייכע.

— מיין מאַן איז אַ טיראַן, אַ שלעכטער מענש. איך האָב זיך שוין איינמאָל געוואָלט פערגיפטען, האָט ער מיר אַרויסגעריסען דאָס פלעשעל סם פון די הענד...

— פאַר וואָס האָט איהר זיך געוואָלט פערגיפטען?

— איך האָב געוואָלט אַ דיימאַנד־פין פאַר אַכט הונדערט דאָ־לאַר, און ער האָט מעהר ניט געוואָלט ספּענדען ווי פינף הונדערט דאָלאַר.

אָבער דאָס איז ניט דער עיקר. מיר האָבען איינמאָל גע־וואָהנט אויף ריווערסייד דרייוו, האָט ער צוגענומען אַ פּוילישע שיקסע מיך צו בעדיענען, און איך האָב געוואָלט האָבען אַ פראַנ־צויזישע. איז ער געגאַנגען און צוגענומען אַ פראַנצויזישע אויך; האָט די פּוילישע ניט געהאַט וואָס צו טהאָן. האָב איך איהר געוואָלט אָוועקשיקען. האָט מיין מאַן ניט געהייסען: „זאָל זיין נאָך אַ דיענסט" — האָט ער געזאָגט — „עס קוקט אויס שעהנער".

— דאָס אַלעס?

— ווייס איך וואָס! הערט ווייטער מיין אומגליק:

— פאַר אַ יאָהרען זומער האָט ער מיך מיט די קינדער אַוועק־געשיקט אין די „בערג". האָט ער אויסגעזוכט פאַר מיר אַ פּלאַץ ערגעץ לעבען אַ טייך מיט הויכע בערג. איך האָב געוואָלט דוקא ביים ים. האָט ער מיר ניט געוואָלט נאָכגעבען און איך האָב זיך געמוזט אַפּמוטשען צעהן וואָכען צייט אין די בערג...

האָב איך איהם געבעטען, ער זאָל אַרויסקומען צו מיר צוויי מאָל אַ וואָך, האָט ער ניט געוואָלט. „איין מאָל איז גענוג!" — האָט ער געענטפערט.

— דאָס אַלעס?

— ווייס איך וואָס! מיט עטליכע וואָכען צוריק זאָג איך צו איהם: „בעני, עס איז שוין צייט צו קויפען אַן אַנדער אָטאָ־

מאביל. דעם וואס מיר האבען איז שוין ניט סטיליש". האט ער מיר געענטפערט, אז מען דארף ניט. דער איז נאך גוט גענוג. ער האט ערשט מיט א יאהר צוריק בעצאהלט פאר איהם צוויי טויזענד דאלאר.

אדער נעהמט, למשל, אזא פאל: מען האט אונזביידען איינגעלאדען צו א סאפער. האט ער ניט געוואלט געהן. וואסי? ער האט פיינט די דאזיגע סאפערס, וואו מען שפיעלט זיך נאכ־הער אין קושעניש... „איך האב פיינט צו קושען פרעמדע ווייבער" — האט ער געזאגט.

און ער איז טאקע ניט געגאנגען.

אט וואס פאר א טיראן ער איז! נו, פרעג איך אייך, קען מען לעבען מיט אזא מענשען?

— און פאר וואס ווילט איהר זיך גט'ן מיט אייער מאן? — האט איך געפרעגט ביי דער אינגערער שוועסטער.

זי האט א טיעפען זיפץ געטהאן און געענטפערט:

— מיין מאן איז א קראנקער, א שווינדזיכטיגער, ניט קיין פערדיענער. ער מאכט קיין לעבען ניט. איך מיט די קינדערלעך געהן פשוט אויס פאר הונגער. קיין באַרדערס לאזט ער מיר ניט האלטען... "איך בין צו שעהן" — זאגט ער — „אויף צו האלטען באַרדערס". צו אלע גליקען איז ער נאך אייפערזיכטיג אויך... די נעכט זיינע קומט ער אפ מיט'ן הוסטען... און נאך יעדען הוסט, שטעכט איהם אין די קריזשעס... איך בין יונג, און וויל נאך לע־בען... איהר פערשטעהט? אי האבען א קראנקען מאן, אי שטאר־בען ביי איהם פאר הונגער, וויל איך ניט...

זי האט זיך צו־וויינט און גרויסע טרעהרען האבען זיך ארויס־געגליטשט פון איהרע שווארצע אויגען און אריינגעפאלען אין גלי־הענדען זאמד...

און דער ים האט געשטיפט און די זונן האט ארונטערגעלאכט מיט איהר גאלדענעם געלעכטער...

# לוינט זיך חתונה צו האָבען?



וינט זיך חתונה צו האבען?

אויף דער פראגע קען מען ענטפערען: יא און — ניין.

אויב איינער איז א בחור און דערצו א קבצן, און ער קריעגט אריין א שעהנע כלה, א געזונטע, א רייכע און א יונגע, לוינט זיך איהם חתונה צו האבען: קריעגט ער אבער אריין אן ארימע, א מיאוסע, אן אלטע א קראנקע — לוינט זיך איהם נים.

כ'וועל אייך ערקלעהרען קלאהר און דייטליך וואס איך מיין. איך וועל אויך נים זשאלעווען קיין ציפערען.

ווען איינער האט למשל חתונה און ער קריעגט פון זיין שווער, לאמיר זאגען, נים מעהר ווי צוויי הונדערט דאלאר נדן. שטעלט זיך די פראגע: צו לוינט זיך איהם פאר די צוויי הונדערט דא־לאר נעהמען א פרעמדען אידען'ס א טאכטער און איהר געבען דעם גאנצען לעבען עסען און שלאפען און קליידער און זי אויס־האלטען מים טהעאטערם, מואווינג פיקטשורס, דאקטוירים און קאונטרים.

לאמיר אננעהמען, אז איהר וואוינט אפ מים אזא פרוי 40 יאהר, און זי קאסט אייך אפ אין דורכשנים 4 דאלאר א וואך. (איך רעכען זעהר ביליג). האט איהר אזוי גרוים ווי צוויי הונדערט דאלאר א יאהר און אין 40 יאהר צייט קאסט זי אייך אפ אכט טויזענד דאלאר. נעמען נדן האט איהר, סך הכל, צוויי הונדערט דאלאר, דערלייגט איהר צום געשעפט אזוי גרוים ווי זיעבען טוי־זענד אכט הונדערט דאלאר.

און וואו איז דער דין, אז גאט העלפט, און איהר וואוינט מים

אַ פרוי אַפּ ניט פערציג, נור זעכציג יאָהר (עס טרעפען אַזעלכע אומגליקען) ? דערלייגט איהר נאָך פיער טויזענד דאָלאַר.

קומען מיר, הייסט דאַס, צום שלום, אַז מיט אַזאַ מיידעל לוינט זיך ניט חתונה צו האָבען. טאַ מיט וואָס־זשע פאַר אַ מיידעל לוינט זיך יאָ חתונה צו האָבען ?

איז דער ענטפער : מיט אַ רייכע. ווען איהר קריעגט, לאָמיר זאָגען, אַ מיידעל מיט הונדערט טויזענד דאָלאַר נדן. מיט אַזאַ סוממע קען מען שוין, ווי עס איז, אויסלעבען די יאָהרען מיט אַ פרוי און ניט דערלייגען צו איהר... פאַרקעהרט : מען קען נאָך מאַכען אַ שעהנעם פּראָפיט. לאָמיר זאָגען, אַז מיט אַזאַ פרוי זאָל דער מאַן אויך אָפּלעבען פערציג יאָהר, און זאָל אָפּקאָסטען דעם מאַן, ניט פיער דאָלאַר אַ וואָך ווי די אָרימע, נור 15 דאָלאַר. מחמת אַ רייכע מיידעל איז ניט געוואוינט צו מאַטערען זיך ווי אַן אָרימע שאָפּ־מיידעל. איז פופצעהן דאָלאַר אַ וואָך, פופציג וואָכען אין יאָהר, בעטרעפט דאָס אַזוי גרויס און אַזוי קליין ווי זיעבען הונדערט מיט פופציג דאָלאַר אַ יאָהר. פערציג מאָל אַזוי פיעל, בעטרעפט אַזוי גרויס ווי דרייסיג טויזענד דאָלאַר. איצט, אַז איהר נעהמט אַרונטער דרייסיג טויזענד פון הונדערט טויזענד, בלייבט אייך נאָך איבער אַ ריינער פּראָפיט פון זיעבעציג טויזענד דאָלאַר.

אַט מיט אַזאַ מיידעל לוינט זיך חתונה צו האָבען. און אויב נאָט העלפט און אַזאַ ווייב טראָגט זיך אַפּ דאָס ערשטע, אָדער דאָס צווייטע יאָהר נאָך דער חתונה, איז דער מאַן גאָר אַ גליקליכער ! דעמאָלס האָט איהר גאָלע פּראָפיט.

וועט איהר דאָך שטעלען אַ פראַגע : וואָס טהוט מען, אַז מען נעהמט אַ רייכע מיידעל און דער כלה'ס טאַטע זאָגט צו הונדערט טויזענד דאָלאַר נדן און ער גיט אַ סענט ניט ?

איז דער תירוץ, אַז אַ איד אַ תלמוד־חכם גיט זיך אַן עצה : וואוינט מען אָפּ מיט דער ווייבעל אַ יאָהר און מען הונגערט זי גוט אויס, און מען וואַרט אָפּ ביז עס קומט אַ בייבי, דאַן הויבט מען זיך אויף און מען אַנטלויפט אין קענעדע אָדער אין דעטראָיט, מישיגען...

# דער פּראָפעסאָר זאָל לעבען.

(סוזשעט ענטנומען).



אַט איהר שוין אַמאָל געהערט אין אייער לעבען, אַז אַ בחור זאָל הייסען אַבאַ? איך האָב יאָ געהערט. אַט דער בחור, וואָס איך גיה אייך איצט בעשרייבען, האָט געהייסען אַבאַ.

פון חתונה האָבען האָט דער דאָזיגער אַבאַ ניט געוואָלט הערען. סיידען ער זאָל קריגען אַ שעהנע כלה און אַ רייכע: דער עיקר אַ רייכע.

— „נעלד איז די וועלט" — פלעגט ער זאָגען — „אַז אַ בהמה האָט געלד, ווערט פון דער בהמה אַ פילאָזאָף".

האָט אַ שדכן דערהערט וואָס אַבאַ וויל, האָט ער איהם אָנגעהויבען ריידען שידוכים. איהם אַרומגעפיהרט טעג און נעכט, שבתים און יום־טובים אָנקוקען כלות.

אָבער אַבאַ האָט זיך אַלץ געבערעקעלט: די רעדט צופיעל; יענע לאַכט צופיעל: אַ דריטע איז מאָגער; אַ פיערטע צו פעט; אַ פינפטע צו אָרים.

ביז דער שדכן (ניט קיין נאַריש אידעל), האָט אויסגעזוכט פאַר איהם אַ שעהנע כלה מיט אַ סך געלד, נור — אַ שטומע...

דען שדכן האָט איהם בעוויעזען, אַז אַ שטומע ווייב איז פאַר אַ מאַן אַ גליק: אַז ניין און נײַנציג פּראָצענט פון אַלע פערהייראַטע מענער ווינשען זיך צו האָבען שטומע ווייבער.

האָט אַבאַ אויסגעהערט דעם שדכן און — צוגעשטימט צום שידוך.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט אונזער אַבאַ חתונה געהאַט מיט דער שטומער מיידעל.

די ערשטע צייט איז אבא געווען אין זיעבעטען הימעל פון גליק. אין הויז איז געווען שטיל, א מחיה. ער האט זיך אויס־געלעהרענט ריידען מיט די הענד, מיט די פינגער, מיט די אויגען און זי האט פערשטאנען יעדעסווארט.

די ליעבע איז צווישען זיי געווען אן אמת'ע, ניט קיין גע־בלאפטע. ער האט זי געליעבט דערפאר, ווייל זי האט זיך ניט געמישט אין פרעמדע געשעפטען; ניט געברענגט קיין פלאטקעס און ניט אבגעטראגען קיין פלאטקעס. וואס מען האט איהר דער־צעהלט איז מען געווען זיכער, אז דאס וועט בלייבען א סוד, אז זי וועט דאס קיינעם ניט איבערדערצעהלען...

אבא האט געוואונשען אלע זיינע גוטע פריינד צו האבען אזעלכע שטילע ווייבער...

אזוי איז אוועק א ווינטער און דער פריהלינג איז געקומען.

דער פריהלינג מיט זיינע מילדע ווינטעלעך. צועפענטע רויזען און פויגעל־געזאנג.

אבא'ן איז געווארען זעהר אומעטיג. עפעס האט זיין הארץ גענומען בענקען נאך א פריינדין, פאר וועמען ער זאל קענען איי־בערגעבען זיינע געפיהלען, מיט וועמען ער זאל זיך קענען דורכ־ריידען.

און ער האט זיך גענומען איינשמועסען, אז ווען זיין פרוי וואלט געקענט ריידען, וואלט ער געווען א סך גליקליכער.

איז ער צו גרויסע פראפעסארען אוועק און זיך מיט זיי עצות געהאלטען. „איך וועל ניט זשאלעווען קיין געלד" — האט ער געזאגט — „אבי מיין פרוי, וועלכע איך ליעב אזוי היים, זאל אנ־הויבען ריידען".

האט זיך א בעריהמטער פראפעסאר אונטערגענומען צו מאכען אן אפעראציע.

און די אפעראציע איז געלונגען: אבא'ס ווייב האט אנ־געהויבען צו ריידען... אבער ווייסט איהר ווי ריידען? פאר פייער און פאר וואסער! טאג און נאכט האט זיך ביי איהר דאס מויל ניט פערמאכט! עס האט זיך אויסגעדאכט, אז זי וויל אניאגען

אַלע איהרע יאָהרען וואָס זי איז געווען שטום... ווי זי וואָלט גע־וואָלט דערערדען די אַלע ניין מאָס רייד, וואָס זי האָט ניט דער־רעדט די גאַנצע צייט.

דער אַרימער אַבאַ איז געוואָרען נערוועז... ער האָט גע־פיהלט, אַז אויב דאָס זאָל אַזוי, חלילה, אָנהאַלטען עטליכע וואָכען, וועט ער משוגע ווערען.

איז ער אַוועקגעלאָפען צו דעם זעלבען פּראָפעסאָר, איז גע־פאַלען צו זיינע פיס מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען זיך ביי איהם, אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיינע יונגע יאָהרען און צוריק שטום מאַכען זיין פרוי.

האָט איהר דער פּראָפעסאָר ערקלעהרט, אַז דאָס קען מען ניט. נאָר ער האָט אַן אַנדער פּלאַן: אַנשטאָט זיין פרוי צוריק שטום מאַכען, וועט ער איהם, אַבאַ'ן טויב מאַכען...

האָט זיך אַבאַ אָנגעכאַפּט אַן דעם פּלאַן, ווי אַן אַ גרויסען גע־ווינס און ער האָט זיך געהייסען מאַכען טויב אויף ביידע אויערען...

דער פּראָפעסאָר האָט אַבאַ'ן געטהאָן די טובה און איהם גע־מאַכט טויב ווי די וואַנד.

איצט איז אַבאַ'ן גוט ווי די וועלט: זיין ווייבעל שרייט און שילט און געוואַלדעוועט און דערגעהט איהם די יאָהרען, און אַבאַ'ן אַרט דאָס ניט: — ער הערט זי ווי די קאַץ...



# בלאָהע אויגען.



אהרענדיג אויף א בראָדוויי קאר, האָב איך זיך בעקאַנט מיט א ווייבעל.

וואָס א שטייגער, רופט איהר אַז בעקאַנט? גאָר פּשוט:

זי האָט געוואָרפען אויגען אויף מיר, איך אויף איהר, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, אַזוי טיעף — ביז מיר האָבען זיך ביידע בעקאַנט.

געווען איז דאָס א ווייבעל, פון יענע ווייבלעך, וואָס די וועלט זאָגט אויף זיי: „איינע און א רעכטע".

גלויבט מיר אויף מיין הן־שלי, אַז אונזער „מאַמע־לשון" איז צו אָרים, פערמאָגט ניט אפילו קיין טויזענדסטעל טייל פון די פּאַר־בען, שטריכען און טערמינען, וואָס זענען נויטיג אָבצומאָלען פאַר אייך דאָס דאָזיגע ווייבעל.

ווען איך זאָל אייך, למשל, זאָגען: אויגען — צוויי גהנום'ס, וועט דאָס זיין בלאַטע; ליפּען — רויטע רויזענבלעטלעך, וועט דאָס זיין צוויי מאָל בלאַטע; באַקען — צוויי זונענאונטערגאַנגען, וועט דאָס ניט ווערטה זיין א פּרוטה! איז שוין פיעל גלייכער און שכל'דיגער איבערגעבען אייך דאָס ווייבעל אין אייערע הענד און זאָל זי אייער פאַנטאַזיע אויפנעהמען מיט אָפענע אָרימס...

אַרונטער פון קאר, זענען מיר צוזאַמען.

געהענדיג טהוט זי מיך א פרעג:

— אפשר האָט איהר חשק מיך אָבצופיהרען אַהיים?

— וואו וואוינט איהר?

— אין מעדיסאָן עוועניו.

— ווער זייט איהר?

— איהר זעהט דאך, א ווייבעל.

— האט איהר א מאן?

— יא.

— איז ער אצינד אין דער היים?

— ניין, ער איז אין זיין אפים.

איך האב א ציה געטהאן מיט די אקסלען.

— וואס ציהט איהר מיט די אקסלען, מיסטער? איהר מיינט אודאי, אז איהר האט דא אנגעטראפען אויף איינע פון די ביליגע ווייבלעך. וואס זענען ניט ווערטה וואס די ערד טראגט זיי ארום?

איך האב גענומען מאדנע שטאמלען.

— איהר דארפט ניט שטאמלען... איך בין אן עהרליכע, אן אנשטענדיגע פרוי.

— טו וואס זשע ווילט איהר, אז א פרעמדער מאנסביל זאל אייך אפפיהרען אהיים ווען אייער מאן איז ניטא אין הויז?

— פיהרט מיך אפ, וועל איך אייך ערקלעהרען.

איך האב זי אפגעפיהרט און אריין מיט איהר אין הויז.

— איצט מאכט זיך בעקוועם.

איך האב געפאלגט.

זי האט מיר אנגעוויזען א שטוהל בעצויגען מיט גרינעם סאַ־מעט, און זי האט זיך אוועקגעזעצט אין א טיעפע שאקעל־שטוהל און געזאגט:

— איך האב אייך ליעב ווייל איהר האט אזעלכע אויגען ווי מיין מאן...

— איך פערשטעה אייך ניט.

— וואס פערשטעהט איהר דא ניט? איך האב זיך איינ־געליעבט אין מיין מאן, ווייל ער האט הימעל־בלויע אויגען, און אויב איך טרעף אן א מאן, מיט אזעלכע אויגען ווי מיין מאן'ס, ליעב איך איהם פונקט ווי מיין אייגענעם מאן...

קורץ, איך האב זיך זעהר גוט פערבראכט מיט איהר. זעקס אזייגער פארנאכט האט זי מיך געהייסען אהיים געהן און געבעטען מארגען ווידער קומען.

פאר'ן פערלאזען דאס הויז, האט זי מיך א פרעג געטהון, וואס מיין בעשעפטיגונג איז.

— א שרייבער האט איך געענטפערט.

— א שרייבער? — אויב אזוי וויל איך אייך עטוואס בעטען: ערשטענס זאלט איהר מיך ניט בעשרייבען, און טאמער ווילט איהר מיר יא בעשרייבען, אדער דערצעהלען פאר אייערען א חבר וועגען מיין ליעבע צו אייך, זאלט איהר, למען־השם, ניט פערגעסען אונטערצושטרייכען, אז איך בין א עהרליכע פרוי, וואס ליעב מיין מאן מיט'ן גאנצען הארצען. אי, עס טרעפט, איך זאל ליעבען א צווייטען מאן, איז דאס נור דערפאר, וואס דיעזער צווייטער מאן, האט אזעלכע בלויע אויגען ווי מיין מאן... און נישט נור די אויגען, נור זאל איך בעגעגענען א מאן, וואס האט אזעלכע האר, אזא אויסזעהן, אזא גאנג ווי מיין מאן — ליעב איך איהם אויך... דא, אנומעלט, האב איך זיך בעקענט מיט א ווילד־פרעמדען מאן אין א טהעאטער און איהם אויך איינגעלאדענט אהיים בלויז דער־פאר, וואס ער האט געטראגען אזא קראוואטעל ווי מיין מאן: א וויים זיידען קראוואטעל מיט רויטע פינטעלעך... וואס קען איך זיך העלפען? אזא מענש בין איך שוין. דארום וויל איך אייך בעטען נאכאמאל, אז איהר זאלט נישט פערגעסען אונטערצושטריי־כען, אז איך בין אן עהרליכע, אן אנשטענדיגע פרוי, וואס ליעבט מיט אמת'ע ליעבע איהר מאן.

מיר האבען זיך גאנץ פיין אבגעזעגענט און זיך צוקושט. איהר אטהעם האט געברענט ווי ווילדע, קרענקליכע פלאמען.

אהיים געהענדיג האב איך זיך געטראכט: וואויל איז צו דעם מאן, וועמען די פרוי ליעבט אזוי היים און געטריי...



# בערישע'ס ראמאן.



אט איהר שוין ווען געהערט אין אייער לעבען, אז א מאן זאל טראגען דעם קאפעלושעל אויף א זייט און מאן זאל טראגען דעם קאפעלושעל אויף א זייט?

און דאך קען איך אזא יונגענמאן און דוקא מיינער א חבר. און צו אלע צרות הייסט ער נאך בעריש.

דאס איז אבער נים אזא בעריש ווי אלע בערישעס. אלע בערישעס וואס איך קען, זיינען געוועהנליכע בערישעס, און דער דאזיגער בעריש איז א משיקאווער בעריש.

נים אלע יאהר ווערען געבארען אזעלכע בערישעס.

דער עיקר צייכענט ער זיך אויס אין ליעבען מיידלאך. פאר א שעהן יונג מיידעל וועט ער אייך אוועקגעבען דעם טאטען זיינעם.

אט אזא בעריש איז דאס!

אנומעלטען האט ער מיר דערצעהלט א שעהנע מעשה. א מעשה, וואס איז כמעט ווי א ראמאן.

— איך האב אריינגעטופט צו א מיסעס — האט בעריש אנ־געהויבען — איז דאס געווען א מיסעס ווי אלע מיסעסען: א בייזע, א קארגע און א מיאוסע.

דערפאר האט איהר גאט געבענשט מיט א טאכטער, א מיידעל, א רעגעלע דאל, א ליאלקע, א פרינצעסין.

איך האב דאך שוין עפעס אנגעזעהן אין מיין לעבען גענוג שעהנע מיידלאך. איך געה דאך כמעט צו אלע קאנצערטען, לעקט־שורס, ליטעראַרישע אבענדען, אבער אזא מיידעל האב איך נאך נים געזעהן.

האב איך בעשלאסען, אז ביי אזא מיסעס, וואס האט אזא טאכטער לוינט זיך צו זיין א באָרדער.

וואס טויג דיר מעשיות, איך האב זיך מיט דער מיידעל ביס־לעכווייז געטרייט צו בעקענען. דאס הייסט איך האב זיך מיט איהר געוואלט בעקענען, אבער זי מיט מיר האט זיך ניט געוואלט בעקענען.

האט עס מיך שטארק פערדראסען און מיר פערשאפט פער־וואגעלטע טעג און טרויעריגע נעכט.

אויף איין מאל, אהיים קומענדיג שלאפען, ארום צעהן אוהר ביינאכט, טרעף איך זי אליין אין הויז. זי איז געזעסען אין פראנט רום און געקוקט אין אן אלבום פון בילדער. בין איך ניט קיין פוילער און געה מיר גלייך אריין אין פראנט רום.

— נו? — פרעג איך בערישען — וואס איז געווען?

— האב איך איהר געזאגט גוד־איווניננ. האט זי מיר ניט געענטפערט. האב איך געמיינט, אז זי האט ניט געהערט, האב איך איהר ווידער געזאגט גוד־איווניננ. האט זי מיר ווידער ניט געענטפערט. בין איך צוגעגאנגען נעהנטער און האב זי אנגענומען ביי דער האנד. האט זי געשוויגען. האב איך געזעהן, אז זי שווייגט, האב איך איהר צוגעצויגען צו זיך. האט דאס הארץ מיינס גענומען קלאפען. דער קאפ מישען; די אויגען פינקלען. עס איז מיר געווארען היים אין יעדען אבר...

— וואס איז ווייטער געווען?

— האב איך געזעהן, אז זי שווייגט, אז עס ארט איהר ניט, האב איך זי פעסט ארומגענומען.

— נו?

— האב איך געזעהן, אז זי האט ניט דאגעגען, האב איך זי אוועקגעזעצט ביי מיר אויפ'ן שויס. האט זי ווידער געשוויגען. האב איך פערשטאנען, אז זי ליעבט מיך אויך. איז מיר געווארען ליכטיג אין די אויגען. מיר האט זיך שוין פארגעשטעלט, אז זי ווערט מיין כלה. שפעטער מיין ווייבעל... מיר ליעבען זיך...

— נו? — שלאג איך איהם איבער זיין זיסע פאנטאזיע — וואס איז ווייטער געווען?

— האָב איך איהר געוואָלט געבען אַ קוש.

—נו ?

— האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנד און מיר דערלאַנגט אַזאַ פּראַסק אין די ציינער, אַז איך האָב זיך געזעהן מיט דער עלטער־באָבען! איך האָב דאָך שוין עפּעס אין מיין לעבען אריינגעכאַפּט אַ היבש ביסעל פּרעסק, נאָר אַזאַ פּראַסק האָט מיר נאָך קיינער ניט דערלאַנגט!...



## נקמה פון א פרוי.



יסטער! אויב איהר ווילט האבען א גוטע טהעמא פאר א מעשה'לע, זאלט איהר צוקומען מארגען צווי א זייגער נאכמיטאג צו מיר. עס וועט פאר־קומען א גט צווישען א מאן און א פרוי וואס זיינען שוין עלף יאהר פערהייראטה.

אייער לאנדסמאן און פריינד

רעווערענד טשיזשיק.

אויף מארגען בין איך אוועק צום רעווערענד.

פונקט צווי א זייגער איז אריינגעקומען א געזונטער איד מיט א הארט בערדיל און הינטער איהם האט זיך נאכגעשלעפט א קליין מאגער ווייבעל, זעהר א שלאפע.

דער רעווערענד האט אריינגערופען א שכן, ער זאל זיין אן עדות און איך בין בעשטימט געווארען פאר'ן צווייטען עדות.

דער געזונטער איד, דער „בעל שמחה", האט דער ערשטער אנגעהויבען זיינע טענות:

— איך וויל מיט איהר מעהר ניט זיין אונטער איין דאך. דאס איז ניט קיין פרוי, נור א פליעג! וואס זאג איך א פליעג! א פליעג האט מעהר כח אין מינדסטען נאגעל, ווי זי אין איהר גאנצען לייב־און־לעבען! זייט איך האב זי דערקענט האלט זי אין איין קרענקען! ווילט איהר רומאטעס—איז רומאטעס ווילט איהר א בלוט־שטורץ — איז א בלוט־שטורץ; ווילט איהר גאל־שטיינער — איז גאל־שטיינער: ווילט איהר „פעניסיטעס" — איז „פעניסיטעס".

ניטא דער טאג, די וואך, דער חודש זי זאל נים ליגען אונטער'ן מעסער.

זי האט שוין געהאט מעהר אפערײשאנס, ווי אלע ווײבער פון ניו יארק צוזאמענגענומען.

קוים דערהערט זי פון א נײעם פראפעסאר, אהא! — זי איז שוין בײ איהם און ער נעהמט שוין בײ איהר צעהן דאלאר און ער שנײדט שוין!

דאס גאנצע הויז מײנט איז פול מיט מעדיצינען, און פיללען, און פראשקעס, און אנדערע אנשיקענישען.

קומט צו געהן דער ווינטער, הויבט זיך אן א סדרה מיט הײ־בעדער, און שטרוי בעדער, און זאלץ בעדער און בלאטע־בעדער.

קומט צוגעהן דער זומער, געהט אוועק א סדרה פון ים־לופט, און בערג־לופט און פאקעניש און פאהרעניש — הימעל און ערד און קאונטרי!

און נאר זי קרעכצט, און נאר זי אויקעט, און נאר זי האט קאפ־וועהטאג, און נאר עס שטעכט איהר אין די זײטען, און נאר זי איז נערוועז און — נאר זי געהט ארום מיט א זויערען פנים!

און אז ס'קומט צו עפעס, זאגט זי, אז זי איז נעבאך ארײנ־געפאלען אין שלעכטע הענד... אז אנדער מאן אויף מײן ארט — זאגט זי — וואלט זיך געשעצט גליקליך צו האבען אזא פרוי!

און ווי קלײן דאס איז, און ווי שלאף דאס איז, האט דאס א פיסקעל אויף שרײפלעך!

וואלט זי כאטש א קינד געהאט... כ'וויים, וואלט נאך געווען א האלבע צרה! איז קײן קינד האט דאס נים, און קרעכצען קרעכצט דאס, און נערוועז איז דאס, און שעלטען שעלט דאס, און דער דאקטאר געהט פון שטוב ניט ארויס, און דרײערלעך און פינ־פערלעך און צעהנערלעך געהען ווי מצה־וואסער, טא צו וועלכע גוטע יאהר דארף איך זי האבען?

איך האב אויסגערעכענט, אז פאר דעם געלד וואס איך האב

אויסגעגעבען איהר צו פערלאטען, האב איך שוין געקענט האבען צוויי נייע פרויען!

ווארים, איהר ווייסט דאך, אז א טראנטע בלייבט א טראנטע; וויפיעל איהר זאלט איהר ניט פערלאטען...

מיין גאנצע הארעוואניע פון אלע מיינע יאהרען איז אריין אין איהר מיט דאקטוירים און אפעריישאנס.

דא האט זיך דער איד פערדרויבערט די ליולקע און געענדיגט:

— איהר קענט זיך פארשטעלען וואס פאר א שוואכע בעשעפעניש דאס איז, אז זי קען אפילו ניט איבערטראגען קיין קלאפ! איהר ווייסט דאך, מען איז דאך ניט מעהר ווי א מענש... מען ווערט אמאל בייז, אופגערעגט, נימא צו וועמען אויסצולאזען דאס ביטער־הארץ, לאזט מען דאס אויס צו דער פרוי... און אז איך ווער אויפגערעגט, גלייך איך דערלאנגען א קלאפ... וועמען־זשע אבער זאל איך דערלאנגען, אויב ניט אן אייגען ווייב? — האט איך איהר א פאר מאל אונטערגעהאקט די זייטען... איז אן אנדער פרוי, א געזונטע, וואלט צוגענומען די קלעפ און געמאכט א שוויג... זאל די וועלט ניט וויסען! וואס טהוט מען ניט צוליעב שלום בית וועגען?... איז זי דאך אבער א שלאפע, האט זי באלד גענומען שרייען און געוואלדעווען, איז זיך די גאנצע שטאדט צונויפגעלאפען, און אז די גאנצע שטאדט האט שוין געוואוסט וואס פאר א מערדער איהר מאן איז, האט זי זיך ערשט אוועקגעלייגט קראנק.

אט דאס קומט ארויס ווען מען האט א פליעג ניט א פרוי! א געזונטע פרוי קען מען שלאגען און שלאגען פון היינט ביסקעל מארגען, וועט זי זיך ניט אוועקלייגען אין בעט.

אט דערפאר וויל איך זיך מיט איהר גט'ן!

פרעגט דער רעוורענד ביי דער פרוי:

— מיסעס, וואס האט איהר צו זאגען?

— איך האב בלויז צו זאגען, אז ווען איך האב מיט איהם חתונה געהאט בין איך געווען א קראסאוויצע... א געזונטע... האט ער דאס ניט געקענט פערטראגען. ער האט זיך איינגערעדט,

אז א מאן דארף זיין שטארקער פון א פרוי. האט ער מיך גענומען שלאגען... האט ער מיך אזוי לאנג געשלאגען, ביז ער האט מיך קראנק געמאכט... איצטער האט ער טענות... איצטער וויל ער איך זאל איהם זיין געזונד און האבען קינדער... מעהר האב איך ניט וואס צו זאגען... איך בין צופריעדען פטור ווערען פון איהם באטש שוין... מיין נקמה האב איך אין איהם גענומען... דאס וואס ער האט זיך געדארפט מיט מיר אפמוטשען עלף יאהר — אט דאס אין מיין גרעסטע נקמה!

מיט א שעה שפעטער זיינען זיי שוין געווען פרייע מענשען...



# א טייערער מאַן.



ו ערשט איהר אויסזעהן:

אַ פּאָאַר קנאַכען, עטליכע און פערציג פונט פלייש, אַ בינטעל ברוינע האָאַר, אַ סעט גאָל־דענע ציין, אַ זויערען פּנים, יונגע וואַנסעלעך, אַ יונגג בערדעלע, אביסעל פּאודער. וואַרפט אויף דעם אַלעם ארויף אַ פּלוש־העטקע מיט אַ ברוינע קלייד און — איהר וועט איהר האָבען אַ לעבעדיגע.

אַט אזוי ווי איך האָב זי אייך דאָ פאָרגעשטעלט, איז זי גע־קומען אין קאַנטרי שעפּען לופט.

ווי נאָר זי האָט אַרונטערגעוואָרפען פון זיך דעם העט און אבגעפרישט דאס שפּיץ נעזעל מיט פרישען פּאודער, האָט זי באַלד אויסגעדריקט איהר מיינונג, אַז די „געזעלשאַפט" געפעלט איהר ניט. ניט איהרע מענשען, ניט אינטעליגענט גענוג...

און דערביי איז זי אָנגעפאַלען אויף דעם פאַרמער, למאי ער נעהמט נאָר אריין אַזעלכע מענשען. „איך אויף אייער אָרט וואָלט זיי ארויסגעטריבען! אייער פאָרם דאַרף זיין אַן אָרט פאַר קול־טורעלע מענשען. ניט פאַר פּוסטע באַיעס און מיידלעך וואָס קומען אָב זייערע טעג און יאָהרען אָהן קולטור" — האָט זי גע־יאָדעט דעם פאַרמער.

דער פאַרמער האָט איהר אויסגעהערט, אַ שפּיי געטהאָן און איז אַוועק אַהיים טרייבען די בהמות פון פעלד...

— לעזט איהר אַמאָל צייטונגען? — האָב איך איהר אויף מאָרגען אַ פרעג געטהאָן.

— יאָ. איך לעז דעם „טשאַלענט טאָפּ". דאָרט געהט אַ

ראַמאַן: „די גנעלע גרעפין אָדער דער בלויער ריטער“. איך לעז שוין דעם „טשאַלענט טאָפּ“ א היבשע ביסעל יאָהרען. א גייסטיגער פייפער...

— איהר זייט שוין פערהייראַטה?

— שוין בין איך פערהייראַטה! מיין מאַן איז אויך א מענש פון קולטור... פון פיינעם יחוס... ער איז קיינמאָל קיין בעל מלאכה נים געווען; זיין טאַטע אויך נים...

— וואָס טהוט אייער מאַן?

ער האַלט א שאָפּ פון פרויען־קליידער. מיר בעשעפּטיגען אפשר הונדערט מיט פופציג מענשען. מיר האָבען אן אייגען הויז, אן אויטאָמאָביל, א דיענסט.

און ווידער האָט זי זיך בעקלאָגט, אַז זי איז דאָ אריינגע־פאַלען צווישען פּראָסטע מענשען, וואָס זיינען ווייט פון קולטור און גייסטיגעס... און אַז זי וועט מוזען זוכען אן אַנדער פּאַרם, א מעהר אינטעליגענטען...

אויפ'ן צווייטען טאָג איז זי אַרויסגעקומען אויפ'ן „פּאַרטש“ א קרעכצענדיגע, דער קאָפּ איז איהר געווען פערבונדען מיט א נאַסען האַנדטוך און דאָס פּנים איז געווען געל ווי וואַקס.

— וואָס איך אייך?

— איך בענק...

— נאָך וועמען?

— נאָך מיין מאַן...

— איהר ליעבט איהם הפּנים זעהר שטאַרק?

— יא.

— און ער אייך?

— ער פאַר מיר איז גאַר די כפּרה! אָהן מיר קען ער א טאָג נים איבערלעבען; אָהן מיר דרעהט ער זיך אַרום ווי א יתום: ער געפינט זיך קיין אָרט נים. עסט נים, טרינקט נים, געהט נים אין ערגעץ. ווייט צו זוכען אַזאַ מאַן... איהר'ט זעהן, אַז שבת וועט מיין מאַן קומען מיר אַהיים נעהמען...

שבת איז ווירקליך איהר מאַן געקומען. אָבער ער האָט זיך

פון איהר א קנאפען צימעס געמאכט. ער האט געווארפען אויגען אויף פרעמדע ווייבלעך און געשמייכעלט צו שעהנע מיידלעך.

זונטאג נאכמיטאג האט ער איהר דערלאנגט א טשעק אויף פינף און צוואנציג דאלאר און איז צוריקגעפאהרען אין ניו־יארק.

אויף מארגען האט זי מיר ווידער געפרובט איינרעדען, אז אהן איהר קען איהר מאן ניט אויסקומען א מינוט...

ער איז א מענש פון „קולטור", דערפאר ווייסט ער זי ווי צו שעצען... און איהר'ט זעהן, אז ווען ער וועט ארויסקומען אהער נעקסטען שבת, וועט ער מיך ווידער וועלען אהיים נעהמען...

אט אזוי האט זי מיר אנגעהאקט א קאפ די גאנצע וואך. און אלץ ווי איהר מאן ליעבט זי. ווי ער קען אהן איהר ניט לעבען. ווי אהן איהר איז ער אזוי ווי א יתום: ער עסט ניט און טרינקט ניט און געהט אוים פאר בענקשאפט... און שבת וועט ער זיכער פערלאנגען זי זאל מיט איהם צוריק אהיים פאהרען...

און ווידער איז געקומען א שבת, און ווידער איז איהר מאן געקומען, און ווידער „געווארפען אויגען" אויף פרעמדע ווייבלעך (איינע האט ער געטריט מיט א „רייד" אין האנטער) און ווידער געשמייכעלט צו שעהנע מיידלעך.

פאר'ן אוועקפאהרען האט ער איהר ווידער איבערגעלאזען א טשעק אויף פינף און צוואנציג דאלאר און איהר געהייסען האבען „פלעזשור" נאך א וואך. „וואס לענגער דו וועסט זיצען אין קאנטרי אלץ בעסער וועט זיין פאר דיר און פאר מיר" — האט ער איהר געגעבען צו פערשטעהן.

נאך זיין אוועקפאהרען האט זי מיר ווידער געוואלט איינרעדען, אז דאס וואס דער מאן הייסט איהר וואס לענגער בלייבען אין קאנטרי, איז אוים ליעבשאפט... ווען ער זאל איהר פיינט האבען וואלט ער זי אין קאנטרי ניט געשיקט...



# איינס פון די ביידע.



אראָן א בחור, א פּראַנט, מיינער א שטיקעל קרוב פון טאַטענ'ס צד, וואָס זאָגט, אַז ער איז א נביא פון קאָרטען־שפּיעל. אַז ער זעצט זיך אוועק שפּיעלען אין קאָרטען, ווייסט ער פריהער וואָס דער סוף וועט זיין: אָדער ער וועט פערליערען אָדער געווינען...

געווינט ער — זאָגט ער — איז איינס פון די ביידע: אָדער ער שפּיעלט ווייטער, אָדער ער הערט אויף צו שפּיעלען...

ניכער הערט ער אויף צושפּיעלען.

פרעגט מען איהם וואָס זיין פּרנסה איז, ענטפערט ער, אַז מיט זיין פּרנסה איז איינס פון די ביידע:

אָדער ער מאַכט א לעבען, אָדער ער איז אין דר'ערד מיט די ביינער.

דאָס אייגענע, זאָגט ער, איז אויך מיט דער ליעבע:

אָדער מען ליעבט אָדער מען ליעבט ניט.

שוין צוויי יאָהר ווי ער געהט אַרום מיט א מיידעל. דער־ווייל פאַרברייננגען זיי ניט שלעכט. ווינטער געהען זיי אין דער אָפּערא און זומער אין פּאַרקס.

די פּאַרקס ליעבט ער בעסער ווי די אָפּערא. אין דער אָפּערא מוז מען זיצען רוהיג, האַלטען די הענד ביי זיך, ניט רעדען א וואָרט, — ליימענע גולמ'ס! דאָס איינציגע פערגעניגען וואָס מען קען זיך דאָרט ערלויבען, איז שפּיעלען זיך מיט דער מיידעל'ס האַנד...

אָבער אין פּאַרק איז גאָר אַן אַנדער לעבען! ער זיצט מיט זיין מיידעל אויף א באַנק אין א שטיל ווינקעלע, האַלט איהר

ארומגענומען, קוקט איהר אין די אויגען, זי האלט דעם קאפ אויף זיין אקסעל; ער האלט זיין קאפ אויף איהר אקסעל; ז י רופט איהם: „טייערער“; ע ר רופט זי „ליבינקע“; ע ר שפילט זיך מיט איהרע האאר, ז י — מיט זיין גאלדענע קייטעלע; ע ר רעדט וועגען א י צ ט, ז י — וועגען ש פ ע ט ע ר ... אום צו זיין זיכער מיט איהר, פערלאנגט ער א דעפאזיט — א קוש.

גיט זי איהם א קוש און ער — איז צופריעדען...

אין אזא הייליגען מאמענט רייסט זיך ארויס פון זיין הארצען א לויב צום בעשעפער: „גאט! זיי געבענשט וואס דו האסט בעשאפען די מיידלאך!“

א שעהן פנים וואלט די וועלט געהאט אהן מיידלאך! די בחורים וואלטען משוגע געווארען פון אומעט! מיט וועמען וואלטען זיי אין די פארקס געזעסען? וועמען וואלטען זיי ל י ע ב ע געשווארען? וועמען וואלטען זיי צוגעזאגט גילדערנע בערג און דאס טעלעריל פון הימעל?

אהן מיידלאך וואלט די וועלט געווען א פינסטערער קבר!

אט דערפאר גלייכט ער בעסער די פארקס ווי די אפעראס.

א חוץ דעם — זאגט ער — איז פשוט אין פארק ביליגער: עס קאסט ניט קיין געלד...

איין מאל טהו איז איהם א פרעג:

— ווען דענקסטו צו הייראטהען?

— דאס איז שווער צוזאגען מחמת דאס חתונה האבען איז זעהר א פערוויקעלטע פראגע. א פערפלאנטעטע... איהר ווייסט דאך ווי מען זאגט: „דער מענש טראכט און גאט לאכט“... דאס איז איינס פון דיביידע:

אדער מען טרעפט, אדער מען פעהלט! ווי א לאטאריע: אדער מען געווינט, אדער מען פערשפיעלט.

גיכער פערשפיעלט מען!

פערשפיעלט מען — איז איינס פון די ביידע:

אדער מען דארף זיך נעהמען דאס לעבען אדער ניט; עס ווענדעט זיך ווערליג די אומשטענדען...

דאס אייגענע קען מען זאגען מכח מיין מיידעל:

אדער איז וועל חרטה האבען, אדער איך וועל ניט חרטה האבען. ניכער וועל איך יא חרטה האבען...

און אויב איך וועל חרטה האבען, וועט זיין זעהר ביטער. ביטער וואס ביטער הייסט! דאן קען פאסירען איינס פון די ביידע:

אדער איך וועל איהר געבען אזוינע קעסט, אז זי זאל מיך פערלאזען, אדער איך וועל אליין אנטלויפען.

ניכער וועל איך אליין אנטלויפען. וואדען, איך וועל ניט אנטלויפען?

און אויב זי וועט מיך פערלאזען, דאן קען פאסירען איינס פון די ביידע:

אדער איך וועל נאך אמאל חתונה האבען אדער איך וועל גלאט אזוי לעבען א גוטען טאג.

ניכער וועל איך לעבען א גוטען טאג. וואָרום מען קען ניט וויסען, כ'קען זיך גריילך בעקענען מיט א פרויקע, מיט אן אשת איש הייסט עס, ווי געוועהנליך — אמעריקא!

איז אויב איך זאל זיך בעקענען מיט אזא אשת איש'טע, וועט זיכער פאסירען איינס פון די ביידע:

אדער זי וועט פערלאזען איהר מאן און אריבערגעהן צו מיר, אדער — איך קען כאפען קלעפ... וואס דענקט איהר, ניט אזוי?

— איך דענק אויך אזוי — עס וועט זיין — איינס פון די ביידע...



# ער קושט די מזוזה



ען ר' שבתי איז געוואָרען אַן אַלמן, האָט ער אַבגענומען פון זיין לאָדזש טויזענד דאָלאַר טויטענבענעפיט פאַר זיין ווייב. וואָס־זשע טהוט אַזאַ איד ווי שבתי מיט טויזענד דאָלאַר?

פאַלט איהם איין נאָכאַמאָל חתונה צו האָבען. אמת, ער איז ניט קיין געזונטער, נור מיט טויזענד דאָלאַר וועט ער קענען קריעגען עפּעס אַ לייטיש ווייבעל, האָט ער געטראַכט.

האָט ער איינמאָל, אַ שבת, געכאַפּט אַ שמועס וועגען זיין פּלאַן מיט יאָסעל דעם שדכן; האָט יאָסעל איבערגעקוקט זיין ביכעלע מיט אַדרעסען און ער האָט אויסגעפונען פאַר ר' שבתי'ן דאָס ריכטיגע ווייבעל: אַ שעהנע גרושה, הויך געוואַקסען, מיט שוואַרצע אויגען, דרייסיג יאָהר אַלט און האָט קיין קינדער ניט.

פרעגט ר' שבתי דעם שדכן:

— יאָסעל, ווי זאָגסטו? זי וועט מיך וועלען?

— אודאי! — רופט אויס יאָסעל דער שדכן — אַזוי וואָלט זי ניט געוואָלט הערען פון אייך, נור די טויזענד דאָלאַר וועלען אייך ראַטעווען.

און דער שדכן האָט געטראָפען. אין עטליכע טעג אַרום האָט יאָסעל, דער שדכן צוזאַמענגעפיהרט די שעהנע גרושה מיט דעם קראַנקען מלמד.

הקיצור, זיי האָבען חתונה געהאַט, גענומען אַ דירה, אויסגעמעבעלט און פּטור אַן עסק.

דאָס יונגע ווייבעל האָט גענומען פיהרען דאָס הויז אויף איהר שטייגער. פאַרבעטען צו זיך איהרע אַן אַלטע פריינד, אַ שווי־

שפּיעלער, מיט געקרויזטע האָר, אַ לעבע־יונג וואָס קען זינגען און שפּיעלען מענדאָלין.

דער קראַנקער שבתי איז כמעט דעם גאַנצן טאָג ניט אין הויז. שטעהט אויף פאַרטאָג, טהוט זיך אָן, טהוט אַ קוש די מזוזה, געהט דאַוונען, פון דאַוונען קומט ער אַ היים, קושט ווידער די מזוזה, טרינקט אַ גלעזעל וואַרעמע מילך, בייסט צו אַ האַלבען בייגעל, בענשט אָב, טהוט ווידער אַ קוש די מזוזה און געהט אַרום אין די הייזער לערנען מיט די קינדער.

דאָס נעהמט איהם צו דעם גאַנצען טאָג. דאַן געהט ער אין שוהל צו מנחה און מעריב.

אַט האָט איהר שבתי'ס אַ טאָג אַרביים.

וויל דאָך דאָס יונגע ווייבעל ניט זיין אַליין, פערברענגט זי מיט'ן עקטער. ער זינגט, שפּיעלט מענדאָלין און ס'איז איהר גוט ווי די וועלט. ער ליעבט זי און זי ליעבט איהם. פאַר די שכנים זאָגט זי אַז דאָס איז איהרער אַ ברודער...

איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז דער עקטער איז אוועק אויף צוויי וואָכען אין קאַונטרי, האָט ער שבתי'ס ווייבעל אַ ליעבעס־בריוועל געשריעבען. אַ בריוועל פול מיט פייער. יעדעס אות האָט געברענט, יעדער שורה האָט געפלאַקערט מיט ליעבע. האָט זי בעשלאָסען דאָס בריוועל צו בעהאַלטען „פאַר אַן אַנדענקען"... אָבער וואו בעהאַלט מען דאָס, אַז איהר מאַן זאָל עס ניט געפינען? איז זי געפאַלען אויף אַ פיינעם פּלאַן: זי האָט אַרונטערגענומען פון טהיר די גרויסע בלעכענע מזוזה, אַרויסגענומען דאָס שטיקעל פּאַרמעט און אַהין אַריינגעלעגט דאָס בריוועל וואָס איהר געליעבטער האָט איהר געשריעבען.

זי האָט די מזוזה צוריק צוגעקלאַפּט ווי געוועז.

און דער קראַנקער פרומער שבתי, דער יאַדישלעווער מלמד, האַלט אין איין קושען די מזוזה...

און דאָס יונגע ווייבעל זעהט דאָס און איהר האַרץ צוגעהט פאַר פרייד: איהר געליעבטענ'ס בריוועל קושט ער.

# די אָרימע פרוי, נעבאך...



יבער מיר אויפ'ן צווייטען שטאָק האָט אריינגעמופט א מאַן מיט אַ פרוי און צוויי קינדער.

די פרוי איז ניט קיין מיאוס'ע. עס קען זיין, אז זי איז יאָ אַ מיאוס'ע, נאָר אַנטקעגען מיין פרוי איז זי אַ בילד־שעהנע.

דער מאַן איהרער איז אַן ארבייטער ביי רעגען־מאַנטלען.

געהט ער אוועק זעקס א זייגער פאַרטאָג און קומט צוריק זיעבען אַזייגער ביינאַכט.

איז דאָס ווייבעל אַ גאַנצען טאָג אַליין אין הויז.

דאָס הייסט זי איז ג ע ו ו ע ן אַליין אין הויז ביז איך האָב דאָס אויסגעפונען, איצט איז זי שוין ניט אַליין...

זי גלייבט מיך, זאָגט זי, ווייל איך בין אַ פרעהליבער מענש.

יעדען אין דער פריה, ווי נור איך הער ווי איהר מאַן זאָגט איהר: „גוד־באַי" און לויפט ארונטער פון די טרעפ, געה איך באלד אריין און זאָג איהר „גוט מאָרגען" אין פשוט'ען „מאַמע־לשון".

קומט פאַרנאַכט און זי הערט איהר מאַן ארויפלויפען די טרעפ (זי דערקענט שוין זיין גאַנג), טהוט זי אַ וואונק מיט אַן אויגעל איך פערשטעה וואָס זי מיינט און איך טראָג זיך אָפּ.

איך בעזוך שוין די שכנה עטליכע וואָכען און איך האָב זיך נאָך מיט איהר מאַן ניט בעגעגענט.

וועט איהר מיר אודאי שטעלען צוויי פראַגען:

ערשטענס: וואָס איז מכח מיין אייגענער פרוי? זאָגט זי מיר גאָר ניט דערפאַר? אָרט איהר גאָר ניט וואָס איך זיץ אָפּ גאַנצענע טעג ביי אַ פרעמדע ווייבעל?

צווייטענס: וואָס פאַר אַ סאָרט ווייבעל איז זי, מיין שכנה? אַ אינטעליגענטקע? האָט זי עפּעס אַ שטיקעל פּרינציפּ, אַ ברעקעל אידעאַל? בעלאַנגט זי צו אַ געוויסער פּאַרטיי?

וועל איך אייך ענטפערען קורץ און שאַרף און צום פּונקט:

ערשטענס, איז מיין פרוי יעצט אין באָסטאָן. זי איז אוועק צו איהר מאַמען און רעכענט דאָרט צו בלייבען דריי חדשים.

האָט איהר איינס אוועק

צווייטענס, וואָס פאַר אַ סאָרט ווייבעל איז מיין שכנה?

וועל איך אייך ענטפערען, אַז זי איז דאָס ו ו אָ ס איהר מאַן איז. ווערליג זי האָט מיר דערצעהלט, איז זי אַלס מיידעל געווען אַן אַנאַרכיסטקע. האָט זי חתונה געהאַט פאַר אַ ציוניסט, איז זי געוואָרען אַ ציוניסטקע.

איז איהר מאַן, דער ציוניסט, געשטאָרבען, האָט זי חתונה געהאַט פאַר עפּעס אַ „פריי־דענקער“. פאַר אַ חברה־מאַן, וואָס האָט געהאַלטען אין איין שרייען, אַז קיין גאָט איז נימאָ; אַז שבת איז אַ מצוה צו אַרבייטען; אַז עסען טרפות איז געזינטער ווי כשרות, איז זי געוואָרען אַ פריי־דענקערין.

דאַן האָט זיך איהר מאַן, דער פריי־דענקער, פערליעבט אין אַ גוי'ע.

האָט ער זיין אידישע פרוי בעפריים: „דו קענסט זיך גע־זינטערהייד חתונה האָבען“ — האָט ער איהר ערקלעהרט — „איך האָב זיך פערליעבט אין אַ גוי'ע“.

און ער האָט זיך מיט איהר גאַנץ שעהן געזעגענט: אַ קוש געטהאָן אין שטערען און איהר בעדאַנקט וואָס זי איז געווען דריי יאָהר צייט זיין פרוי.

— און וואָס ועט זיין מיט די צוויי קינדער — האָט זי גע־פרעגט — און טרעהרען האָבען גערונען פון איהרע אויגען.

— די קינדער בין איך דיר מוחל, קענסט זיך האַלטען מיט זיי; אַז איך וועל לעבען וועל איך האָבען אַנדערע קינדער. זעה נור, אַז זיי זאָלען ניט געהן אין אַ אידישען חדר זיי זאָלען זיך חלילה ניט אַנשטעקען מיט אידישקייט. מחמת דאָס גאַנצע אידישקייט

איז ניט מעהר ווי „אן איבערבלייבעכץ פון די אלטע פרימיטיווע דורות בעת די מענשהייט האט נאך געאטהעמט מיט פינסטער־ניש און אבערגלויבען" — — — — — — — — — — — — — — —

אט אזוי האט ער איהר געזאגט.

האט זי גענומען די קינדער און איז אוועק פון איהם.

און ער? ער איז באלד דעם זעלבען טאג אוועק וואוינען מיט דער גוי'ע.

מיט א האלב יאהר צוריק האט זי זיך בעקענט מיט דעם איצטיגען מאן. ער איז געוועזן אן אלמן אהן קינדער. ער האט זיך פערליעבט אין איהר, זי — אין איהם, און זיי האבעןביידע חתונה געהאט כדת משה וישראל.

וואס איז זי איצט? — פרעגט איהר.

איצט איז זי א סאציאל־דעמאקראטקע. מחמת איהר מאן איז א סאציאל־דעמאקראט.

און אויב מיר וועט געלינגען דאס ווייבעל אבריידען פון איהר יעצטיגען מאן, און איהר אריבערקריגען אויף מיין זייט, וועט זי ווערען נייטראל...



# זי גלייכט, אז ס'„מעטשט".



יין געליעבטע האט געהאט בלאנדע האאר און העל־טען איהרע אויגען פערגליכען צו קארן־בלימעלעך אדער צום טיעף־בלאהען הימעל.

פאעטען, וואס האבען ניט וואס צו עסען, וואל־בלאהע אויגען.

און די האאר איהרע וואלטען זיי פערגליכען צו די גאלדענע פעדים פון דער זונן...

ווי אלט זי איז געווען, האב איך ניט געקענט דערגעהן. איהר ווייסט דאך, אז א מיידעל האט פיינט צו זאגען דעם אמת אין אזעלכע זאכען... זי וועט גיכער זאגען מיט פינף יאהר איינגער, איידער מיט דריי יאהר עלטער...

נור ווערליג מיין מבינות, האט זי געמוזט אלט זיין א יאהר ניינצעהן.

און שעהן איז זי אויך געווען. מ'קען זאגען זעהר שעהן.

איז אט די מיידעל געווען א ליעבהאבערין פון „מעטשען" פארבען... זי האט אימער געטראגען אזעלכע קליידער, וואס האבען זיך געפאסט צו איהרע שיך און צו איהרע גלאווס.

„איך גלייך, אז עס מעטשט!" — איז תמיד געווען איהר ווער־טעל.

אז איך בין פאר איהר א חתן געווארען, האב איך איהר גע־מאכט א פרעזענט, א רינגעל מיט א העל־בלאה שטיינדעל, ס'זאל „מעטשען" צו איהרע בלאהע אויגען.

אז זי האט בעטראכט דאס רינגעל, האט זי מיר געגעבען

אַנצוהערעז, אַז זי וועט דאָס רינגעל ניט קענען טראָגען, ווייל עס „מעטשט“ ניט צו איהר קלייד...

האָב איך פערשטאַנען, וואָס זי וויל, און איך האָב איהר גע־לאָזט מאַכען אַ בלאַהע סאַמעטענע דרעס.

פינף און זעכציג דאָלאַר האָב איך פאַר דער דרעס בעצאָהלט.

אַז די דרעס איז פאַרטיג געוואָרען, האָט זי מיר ווידער גע־געבען אַנצוהערען, אַז זי קען די דרעס ניט אָנטהאָן, ווייל זי „מעטשט“ ניט צו איהר העט.

האָב איך פערשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט און איך האָב איהר געקויפט אַ בלאָהען העט מיט אַ ווייסע פעדער.

דער העט האָט מיך געקאָסט צוויי און צוואַנציג דאָלאַר.

האָט זי גענומען דעם העט און איהם אריינגעלעגט אין קאָ־פערט און אַ זיפץ געטהאָן.

— וואָס זיפצסטו? עס געפעלט דיר אפשר ניט דער העט?

— ער געפעלט מיר זעהן — האָט זי געענטפערט.

— טאַ וואָס זיפצסטו?

— איך זיפץ, ווייל דער העט „מעטשט“ ניט צו מיינע שיך, ניט צו מיין סעט פאָר...

האָב איך איהר געקויפט ווייסע שיך און אַ ווייסען סעט פאָר.

דער עסק האָט מיך אריינגעטריבען אין אַ וואַסערע הונדערט מיט זיבעציג דאָלאַר.

— ביזטו שוין צופריעדען? — האָב איך זי געפרעגט.

— נאָך ניט אין גאַנצען—האָט זי ווידער אַ זיפץ געטהאָן— עס „מעטשט“ נאָך אַליץ ניט...

— וואָס פעהלט דיר איצט?

— איצט דאַרף איך נאָך האָבען אַ בלאַהען פאַקעט־בוך מיט אַ גאָלדען שלעסעלע.

בין איך אוועק מיט איהר אין אַ דעפּאַרטמענט סטאָר און אויסגעגעבען ניינצעהן דאָלאַר מיט פופציג סענט אויף אַ בלאַהען פאַקעט־בוך מיט אַ גאָלדען שלעסעלע.

אהיים געהענדיג מיט'ן פאַקעט־בוך, האָב איך זי געפרעגט:

— נו, ביזט שוין צופריעדען?
האט זי געשוויגען...
דערווייל האב איך בעקומען א שטעלע אין יאנקערס און איך האב זי ניט געקענט זעהן צוויי טעג. איך האב געארבייט אווער־טיים.
ערשט זונטאג בין איך ארונטער געפאהרען דאון־טאון זיך זעהן מיט איהר.
צוקומענדיג צו איהר הויז, האב איך זי געטראפען ארויסגעהן פון האלל מיט א בלאנדען יונגען מאן אונטער'ן ארעם...
געטראגען האט זי די אלע זאכען, וואס איך האב איהר גע־קויפט.
פרעג איך זי: מאללי (זי האט געהייסען מאללי), ווער איז דער דאזיגער יונגער מאן?
— דאס איז, זאג זי, מיין געליעבטער.
— וואס ווייסט? און איך פיהל, אז דאס הארץ מיינס הערט אויף צו קלאפען.
— דיך ליעב איך ניט מעהר, — האט זי געזאגט — איך גלייך, אז אלעס „מעטשט“... דו ביזט א ברונעטער און דער יונגערמאן איז א בלאנדער, און א בלאנדער „מעטשט“ בעסער צו מיר ווי א ברונעטער — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

יונגע לייט! היט זיך פאר א מיידעל וואס וויל, אז אלעס זאל „מעטשען“!



# א מיטוואָך.



יינמאל זאגט צו מיר אַ אידישער שרייבער: „לאָז ניט דעם נארישען שלאָף פערמאכען דיינע קלוגע אויגען, ביז דו וועסט ניט אורטהיילען איבער דיינע האנדלונגען פון טאָג. קוק איבער אַלע דיינע טהאטען פון׳ם ערשטען ביז׳ן לעצטען, און זאָל דיין הארץ חרטה האבען אויף די ש ל ע כ ט ע און זיך פרעהען מיט די ג ו ט ע. אויב דו וועסט אזוי טהאָן, וועסטו מיר דאנקען פאר דער עצה און די וועלט וועט דיך ליעב האבען“.

אט אזוי האט מיר דער אידישער שרייבער געזאגט, בעת מיר זיינען ביידע געזעסען ביי אַ גלעזעל ציקאָריע און בערעדט די אנדערע אידישע שרייבער.

— דאָס זיינען דיינע אייגענע געדאנקען? — האב איך געפרעגט מיין קאָלעגע.

— כמעט אייגענע...

— וואָס הייסט כמעט?

— כמעט הייסט, אז איך האָב זיי ערגעץ־וואו געלעזען...

— הייסט דאָס, אז דאָס זיינען פרעמדע געדאנקען?

— וואָס איז דער חילוק? אבי זיי זיינען שעהנע.

— אודאי, זיינען זיי שעהנע. דער גריכישער פילאָזאָף, צו וועמען די דאָזיגע געדאנקען געהערען, איז ניט געווען קיין אידישער שרייבער: ער איז געווען אַ מענש מיט אייגענע געדאנקען. ער האָט ניט געהאט ביי וועמען צו נאשען, ביי וועמען צו גנב׳ענען...

— געגען וואָס זאָגסטו דאָס?

— געגען גאָר ניט...

מיין קאָלעגע איז געוואָרען רויט ווי א זונען־אונטערגאַנג אין אסיען. און נאַריש געשמייכעלט.

— וואָס שמייכעלסטו?

— איך שמייכעל, וואָס דו פאָדערסט ביי אידישע שרייבער אייגענע געדאַנקען...

— איך פאָדער גאָר ניט: איך ווייס, אַז איך קען דאָס ביי זיי ניט קריגען...

מיר האָבען זיך געזעגענט.

זייט דעם געשפּרעך מיט מיין קאָלעגע, האָב איך בעשלאָסען צו פיהרען א טאָג־ביכעל. יעדע זאַך, וואָס מיט מיר וועט דעם טאָג פּאַסירען, זאָל איך פערשרייבען. טאָמער וועל איך וועמען עס איז בעשווינדלען, אדער גלאַט אַזוי זינדיגען, זאָל איך קענען פאַר'ן שלאָף חרטה האָבען אויף מיינע זינד — — — — — — — — — — — — —

און אַט גיב איך אייך איבער א בלעטעל פון איין טאָג: פון א מיטוואָך.

צעהן א זייגער: דערלאַנגט מיין ווייבעל א גלאָז קאַווע און געשלאָגען די קינדער מיט א רימען...

עלף א זייגער: אַרונטערגעוואָרפען דעם קאָלעקטאָר פון דער זינגער־מאַשין פון אַלע טרעפּ...

צוועלף א זייגער: מיין ווייב בעט געלד. איך לאָז איהר ווי־סען, אַז איך האָב ניט א סענט ווען מען קוילעט מיך.

האַלב נאָך צוועלף: איך בעט דעם הויז־קיפּער, ער זאָל מיר לייען א האַלבען דאָלאַר. ער זאָגט מיר אָפּ.

איינס א זייגער: איך קריג זיך מיט מיין פרוי און זי וויינט...

האַלב נאָך איינס: איך קוש זיך מיט מיין פרוי, און זי לאַכט...

צוויי א זייגער: איך לויף אַריבער אין שאָפּ אויסגעפינען, אויב מען האָט געסעטעלט די פּרייזען (איך מאַך א לעבען פון שניידעריי...).

האַלב נאָך צוויי: איך סטרייק שוין.

אַ פערטעל צו דריי: איך כאַפּ קלעפּ פון אַ געדונגענעם באַם.

דריי אַ זייגער: איך געה אַרום מיט אַ פערבונדענעם קאָפּ.

האַלב נאָך דריי: איך פער׳משכן מיין גאָלדען זייגעריל.

האַלב נאָך פיער: איך שיק מיין ווייבעל שטעהן אין „ליין“, טאָמער וועט זי קריגען אַ זעקעל קויהלען.

אַ פערטעל צו פינף: די קינדער קעהרען איבער דאָס הויז און צוברעכען דעם שפּיגעל.

פינף אַ זייגער: מיין ווייבעל איז דאָ צוריק אָהן קויהלען.

אַ פערטעל נאָך פינף: מיין פרוי שיקט מיר נאָך אַ האַלב פונט צוקער.

האַלב נאָך פינף: אַרונטער נאָך צוקער, זיך אויסגעגליטשט און אויסגעלענקט דעם רעכטען פוס.

אַ פערטעל צו זעקס: מען פיהרט מיך אוועק אין האָספּיטאַל.

זעקס אַ זייגער: מיין פוס איז שוין איינגעגיפּסעוועט.

האַלב נאָך זיבען: מיין ווייבעל שמייכעלט צום יונגען דאָקטאָר מיט׳ן בלאָנדען בערדעל.

אַכט אַ זייגער: איך מאַך שרעקליכע קולות. קיינער ווייסט ניט וואָס איך שריי: צו שריי איך וואָס מיין פרוי שמייכעלט צום דאָקטאָר, צו וויל דער פוס טהוט מיר שרעקליך וועה.

אַ פערטעל נאָך אַכט: מיין פרוי געזעגענט זיך מיט׳ן דאָקטאָר זעהר פריינדליך.

האַלב נאָך אַכט: איך שריי נאָך העכער ווי פריהער (מיין פרוי איז שוין ניטאָ).

ניין אַ זייגער: מען גיט מיר איין אַ מעדיצין אויף צום שלאָפען — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

אַ פערטעל צו צעהן: די נוירס טרעט ניט אָפּ פון מיין בעט...

צעהן א זייגער: איך בעמערק, אז די נוירם גלעט מיך מיט איהרע ווארעמע הענד.

א מינוט נאך צוועלף: זי שפיעלט זיך מיט מיינע האאר.

האלב נאך צוועלף: איך האלט איהר האנד אין מיין האנד.

איינס א זייגער: מיר מאכען אפ, אז ווי נור איך וועל גע־זונד ווערען, זאלען מיר ביידע פערלאזען ניו יארק...

האלב נאך איינס: איך בעט גאט, איך זאל וואס גיכער גע־זונד ווערען. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —



# ליעבעס-בריעף.



ען איזי איז אלט געווען צוויי און צוואנציג יאהר, האט ער געהאט א געליעבטע.

האט מען זי גערופען עטהעל.

ווען מערי איז אלט געווען צוואנציג יאהר, האט זי געהאט א חתן.

האט מען איהם גערופען בעני.

זיינען די צוויי פאאר'לאך איין מאל געווען אין טהעאטער און זיי האבען זיך דארטען בעקאנט.

איז פון די בעקאנטשאפט געווארען א „ליעבע" און די ליעבע האט געבראכט דערצו, אז פוןביידע פאאר'לאך האט זיך אויסגע־פארעלט איין פאארל.

איזי מיט מערי'ן...

בעני מיט עטהלען זיינען געבליעבען ווי אויפ'ן וואסער.

איזי מיט מערי'ן זיינען אזוי לאנג „אויסגעגאנגען" ביז איהר מאמע האט זיך אריינגעמישט מיט טענות:

— וואס זייט איהר עפעס — האט זי געוואלדעוועט — ליכט?... ליכט געהען אוים! אבער איהר? איהר קענט דאך נעהמען רומס און חתונה האבען! און זיי האבען נעבאך חתונה געהאט.

נאך דער חתונה האט זיך דאס פאאריל ארומגעזעהן, אז זיי האבען זיך א ביסעל צו גיך צונויפגעפאארט.

האט איזי אנגעהויבען שרייבען ליעבעס בריעף צו זיין גע־ליעבטער עטהלען, און מערי צו איהר הארציגען בעני'ן.

עטהעל מיט בעני'ן האבען געענטפערט מיט ליעבעס-בריעף.

איזי האט אלע בריעף פון עטהלען געקליבען, איינגעוויקעלט, ארומגעבונדען מיט א פאדים און בעהאלטען אין אזא פלאץ, אז מערי זאל זיי ניט געפינען.

און מערי האט אלע בריעף פון בעני'ן געקליעבען, זיי בע־האלטען אין אזא ארט, אז איזי זאל זיי ניט געפינען.

האט איזי געפרעגט מערי'ן, אויב זי דערמאהנט זיך אמאל אן איהר געליעבטען בעני'ן, האט זי געענטפערט:

— ניין... וואס פאר א רעכט האב איך, אלס פערהייראטהע פרוי, צו טראכטען פון מיין געוועזענעם געליעבטען? איך בין ריין און מיינע געדאנקען זיינען ריין. איך ווייס אפילו ניט וואס ער מאכט, צו לעבט ער, צו איז ער געשטארבען... ווענען אינטערע־סירט איצט בעני?

און אז מערי האט געפרעגט איזי'ן אויב ער טראכט אמאל וועגען זיין געוועזענער געליעבטער, האט ער געענטפערט:

— וואס דיר קען איינפאלען! א שעהנער מאן וואלט איך געווען, ווען איך זאל איצט טראכטען פון א געוועזענער געליעבטע! דאס וואלט ניט געווען עהרליך פון מיין זייט...

אזוי האט זיך דאס פּארל געבלאפט, און בלאפענדיג זיך, האבען זיי ניט אויפגעהערט בגנבה צו שרייבען בריוולאך צו זייערע געוועזענע געליעבטע, און די געליעבטע האבען ניט אויפגעהערט צו ענטפערען, און מערי און איזי האבען ניט פערגעסען צו בעהאל־טען די ליעבעס־בריעף אין פערבארגענע ערטער — — — — — —

אין שווערע מינוטען פון טרויער און בענקשאפט, ווען די נשמה פלעגט ביי מערי'ן צוריסען ווערען פון חרטה, און דאס הארץ איהרס פלעגט שטיל און טיעף קלאגען אויף איהר אפגעוועלקטער יוגענד — דעמאלט פלעגט זי טראכטען פון די בריעף...

אויף איהר פנים פלעגט זיך באלד צוגיסען א העללע פרייד און זי פלעגט זאגען צו זיך אליין:

— פאראן איין מענש אויף דער וועלט וואס ליעבט מיך... וואס געהט אוים נאך מיר... צוליעב איהם אליין מוז איך לעבען אויף דער וועלט...

און פלעגען איזי'ס אויגען אמאל פערוואלקענט ווערען, און דאס הארץ זיינס האט גענומען נאך עפעס בענקען, עפעס פער־לאנגען, און א טרויער האט געדריקט זיין נשמה — דעמאלט פלעגט ער מיט זיינע געדאנקען לעזען עטעל'ס בריעף און עס פלעגט איהם ווערען אזוי גוט, אזוי ליעב אויפ'ן הארצען... עס האט זיך איהם אויסגעדאכט, ווי עפעס א געהיימע האנד ווישט אוים פון זיין אויג א ווארימע טרעהר...

אט אזוי האט זיך דאס פאאר'ל געלעבט, געלעבט און געצאנקט, און צאנקענדיג אבגעהיט די ליעבעס בריעף: ע ר פון זיין גע־וועזענער געליעבטע און ז י פון איהר געוועזענעם געליעבטען —

— — — — — — — — — — — — — —

ביז... ביז איינמאל, אין א קאלטע ווינטער־נאכט, בשעת א ווינד איז ארומגעלאפען איבער די ענגע גאסען פון ניו יארק און געזונגען אומעטיגע ליעדער... פונקט דאן האט אויסגע־בראכען א פייער די צווייטע טיהר, וואו איזי מיט מערי'ן האבען געוואהנט.

מען האט זיי אויפגעוועקט פון שלאף, זיי זאלען זיך ראטע־ווען... האבען זיי יעדע ביי זיך בעשלאסען, אז איידער זיי רא־טעווען ז י ך אליין, מוזען זיי צוערשט ארויסראטעווען די פעקלעך ליעבעס־בריעף...

דער טומעל איז גרוים, די יללות פון די צושראקענע שכנים לעבערען דורך די פינסטערע נאכט. דער ווינד העלפט ארוים די פלאמען... די פלאמען זיינען הונגעריג און זיי נעהמען צו־ערשט אויפעסען דאס ביסעל מעבעל פון הויז און דאן כאפען זיי זיך צו צו די פענסטער און טיהרען און נעהמען פארצוקען מיט א מורא'דיגען אפעטיט די טרוקענע געזימסען...

די פייער־לייט זיינען שוין דא; א קאלטער שטראם וואסער שיסט אריין אין ברענענדיגען הויז; די פלאמען זיינען זיך מחיה... זיי עסען די געזימסען פון די פענסטער און פערטרינקען מיט וואסער — — — — — — — — — — — — — — —

דער שרעק פון די שכנים ווערט גרעסער...

איזי מיט מערי'ן בעווייזען זיך. יעדער פון זיי האלט א פעקעל אין האנד... דער רויך ווערגט זיי, זיי פאלען אנידער. די פעקלעך פאלען פון די הענד ארויס... מען טראגט זיי ארונטער פער'חלש'טע און מען פיהרט זיי אוועק אין א האספיטאל.

זיי קומען צו זיך...

אויף מארגען האט מען זיי זייערע פעקלעך בריעף דערלאנגט:

איזי האט בעקומען די בריעף פון מערי'ס געליעבטען און מערי — פון איזי'ס געליעבטער...

די נויירסעס האבען זיי צובימען...



# א קלוגע מיידעל...



זונטאג פארנאכט בעת איך און מיין פרוי זיינען גע־זעסען אויפ'ן גאניק פון אונזער הויז און געקנאקט אינדישע ניס, האט זיך בעוויזען מיינע א קאזינע פענני, אויסגעפוצט ווי א ליאלקע.

— האללא פענני! וואס מאכסטו, ווי פיהלסטו אין געזונד?

— קום ארויף אפסטערז, וועל איך דיר זאגען וואס איך מאך— האט זי מיר געענטפערט.

— און דא קענסטו ניט?

— ניין. איך וויל דיר עפעס איבערגעבען זעהר נויטיגעס, און איך וויל ניט, אז דיין נארישע פרוי זאל הערען.

לאז איך מיין ווייבעל אויפ'ן גאניק און איך געה ארויף מיט מיין קאזינע אפסטערז.

ווי נור זי איז אריין אין הויז, האט זי באלד אויסגעשאסען מיט גרויס בעגייסטערונג:

— איך האב זיך היינטיגע וואך בעקענט מיט א באי, איז דאס ניט קיין באי, נור א מלאך! אזא גוטער, אזא ליעבער, אזא שעהנער איז אויף דער וועלט ניטא. א בילד! און ניט קיין שעהמעוודיגער. אין די דריי טעג וואס מיר זיינען בעקאנט, האט ער מיר שוין דריי מאל געקושט. א פיינער באי.

— פאר וואס ביזטו ניט געקומען מיט איהם? איך וואלט איהם אויך געוואלט זעהן.

— איך וועל איהם באלד ארויפברענגען. איך האב איהם

געלאזען שטעהן אויפ'ן קארנער. איך בין אומישנע געקומען פאר־אוים אנזאגען, אז ער קומט, כדי דו זאלסט אביסעל אויפקלינען דאס הויז און צוגרייטען א פיינעם סאפער. איך וויל ניט פער־שעהמט פערבלייבען, — ער שטאמט פון זעהר פיינע עלטערען. מען דארף דעקען דעם טיש פאר איהם מיט נעפקינס, טוטפיקס, מיט א סך געשיער, מיט בלומען, מיט א סך פּרוכט. די קינדער דיינע מוזען זיך פערהאלטען ארטיג, פיין.

נאך א זאך: דארפסט וויסען ווי צו ריידען מיט איהם. ער איז ניט פון אונזער'ע מענשען... דו הערסט? ווארים טאמער ווייסטו ניט ווי צו ריידען מיט איהם, הרג'עסטו אוועק דעם שידוך: וועט ער זיך אויפזוכען אן אנדערע. אזא באי האט א קנאפע זארג צו קריגען א מיידעל. ער איז פון א זעהר פיינע משפחה און זעהר א געבילדעטער.

פרעג איך מיין קאזינע:

— וואס איז ער, א דאקטאר־פילאזאף?

— ניין — זאגט זי.

— א דאקטאר אהן א פילאזאף?

— אויך ניט.

— א פילאזאף אהן א דאקטאר?

— אויך ניט.

— א שרייבער?

— אויך ניט.

— א דיכטער?

— וואס דיר קען איינפאלען!

— א אינדזשינער?

— ווייס איך וואס!

— א דיפלאמאט?

— וועסט ניט טרעפען — זאגט זי.

— א לעקטשורער?

— אויך ניט.

— א מיליאנער'ס א זוהן?

— דוקא אַן אַרימאַן. איז קען איהם ערשט דריי טעג, האָט ער שוין ביי מיר געבאָרגט פינף דאָלאַר.

— טאַ וואָס־זשע דען איז ער?

בויגט זיך מיין קוזינע צו צו מיר און רוימט מיר איין שטיל אויפ'ן אויער: „ער איז אַ — וואָלונטיר...“

— וואָס הייסט אַ וואָלונטיר?

— ער געהט ארום קלייבען געלד פאַר די מלחמה קרבנות...



# ליפּע האָט חתונה...



יפּע איז אַכט יאָר אַלט געזעסען אין דער ישיבה און געלערענט; אַכט יאָהר איז ער אויף די הוילע בענק אין בית המדרש געשלאָפען און ביי פרעמדע טישען ברויט געגעסען.

איינמאָל איז דעם נגיד'ס טאָכטער, חוה'לע, פערביי געגאַנגען דעם בית המדרש. ער איז ביים אָפענעם פענסטער געזעסען פערטיעפט אין דער הייליגער גמרא. האָט זי דעם אומעדיגען נגון געהערט, איז זי צום אָפענעם פענסטער צוגעקומען און אריינגעקוקט אין בית המדרש.

גאָט! וואָס פאַר אַ ליכטיגע אויגען ער האָט דערזעהן!

יענע נאַכט האָט ער שוין קיין גמרא ניט געלערנט. ער איז געלעגען אויף דער האַרטער בית המדרש באַנק, געקוקט אויף דעם ארון־קודש און פאַר זיינע אויגען איז געשטאַנען חוה'לע: חוה'לע מיט די ליכטיגע אויגען...

וואָכען זיינען אַוועק; וואָכען מיט אומעטיגע טעג און פערוואָגעלטע נעכט...

איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען, האָט איהם מלך דער שדכן שטיל אויפ'ן אויער געפרעגט, אויב ער קען חוה'לען.

— יאָ! — האָט ער געענטפערט — און די נשמה זיינע האָט אַ פלאַטער געטהאָן...

האָט איהם מלך דער שדכן דערצעהלט, אַז חוה'לעס טאַטע וויל איהם פאַר אַן איידים האָבען.

— וואָס וועט חוה'לע זאָגען? — האָט ער געפרעגט.

— חוה'לע איז צופריעדען — האָט מלך דער שדכן געענט־

פערט, און אויב דו ביזט מסכים, וועט מען דיך בעקליידען, געבען דריי טויזענד רובעל נדן און פיער יאהר קעסט.

האט ער באלד מסכים געווען.

האט מען ל"ג בעומר תנאים געשריעבען און שבת נחמו איז געווען די חתונה.

די ערשטע עטליכע וואכען האט ער אויף חוה'לען א קוק ניט געטהאן: ער האט זיך געשעהמט. זי אויך דאס אייגענע...

די הערצער האבען גערעדט און די ליפען האבען געשוויעגען...

אבער ביסלעכווייז האבען זיי זיך אויפגעהערט צו שעהמען... און די פיער יאהר קעסט זיינען אוועק, און מיט יעדעס יאהר זיינען שווער און שוויעגער רייכער געווארען מיט אן אייניקעל. פיער יאהר צייט — פיער אייניקלעך.

איינמאל זאגט דער שווער צו איהם:

— ליפע, וואס וועט זיין דער תכלית? נאך א חודש, און די קעסט דיינע ענדיגט זיך שוין: דארפסט זעהן פערזארגען ווייב און קינדער מיט פרנסה. האסט דריי טויזענד רובעל.

— איך וויים ניט וואס צו טהאן, שווער לעבען.

זאגט דער שווער:

— ווער א חלפן.

— וואס הייסט א חלפן?

— א חלפן מיינט, דו זאלסט נעהמען די דריי טויזענד רובעל מיט'ן פראצענט און אויסבייטען אויף קליין־געלד: וועט זיין א מארק־טאג, אדער א יריד, וועסטו ארויסגעהן אויפ'ן מארק, אוועקשטעלען א טישעל, אויסלייגען דאס קליין־געלד אין פעקלאך. וועט קומען א פערד־סוחר אדער אן אקסען־סוחר אבבייטען א הונ־דערטער, אדער א טויזענדער, וועסטו אבביימען און קריעגען דער־פאר א רובעל אדער צוויי.

נעהמט דער איידים אן דעם שווער'ס עצה: פאהרט אוועק אין אן אנדער שטאדט, בייט אפ די דריי טויזענד רובעל, קומט אהיים, צעהלט איבער — ערשט עס פעהלט א פופציגער. א חוץ

דעם האָט מען איהם גלאַט אַזוי אַריינגעשפּאַרט אַ פאַלש צעהנעריל...

האָט ער דעם פופציגער פערשוויעגען, מען זאָל ניט לאַכען פון איהם. און דאָס פאַלש צעהנעריל האָט ער אַריינגעלייגט צווישען ניין גוטע צעהנערלאַך, געמאַכט איין פּעקעל און אויפגעשריעבען פון אויבען: „הונדערט רובעל".

האָט זיך געמאַכט אַ יריד אין שטעדטיל. איז ער אויפגעשטאַנען אַ שפּראַץ אויף טאָג, אַוועק אין בית מדרש, אָבגעדאַווענט, אַהיים געלאָפען, צוגעביסען, געכאַפּט די אָבגעביטענע געלדער, אַ טישעלע, אַרויס אין מאַרק, זיך אַוועקגעשטעלט, אויסגעלייגט די פיערשיערדענע פּעקלעך מיט געלד און געוואַרט, גאָט זאָל איהם מצליח זיין...

און גאָט האָט איהם מצליח געווען.

נאָכמיטאָג, בעת דער מאַרק און די קראַמען און די געוועלבער זיינען געווען אָנגעפּראָפּט מיט מענשען, און דער האַנדעל האָט געברענט אויף אַלע וועגען; און דער געפילדער האָט געלעכערט די לופט; איז אין גרויס איילעניש צוגעקומען אַ דיקער פּריץ, אַן אָקסען־סוחר. מע'זאָל איהם שוין אויסבייטען אַ הונדערטער.

ווייל דאַך דעם נגיד'ס אײדים פּטור ווערען פון'ם פאַלשען צעהנעריל. נעהמט ער דאָס פּעקעלע, וואו דאָס פאַלשע צעהנעריל געפינט זיך. און דערלאַנגט דאָס דעם אָקסען־סוחר.

דער אָקסען סוחר פליהט שנעל אַוועק.

פאַר גרויס שמחה, וואָס ער איז פּטור געוואָרען פון פאַלשען צעהנעריל, האָט ער, ליפּאַ הייסט עס, באַלד צונויפגעפּאַקט די פּעקלעך געלד, געכאַפּט דאָס טישעל און שוין אַהיים.

אַז ער איז אַריין אין הויז, האָט ער באַלד דערצעהלט זיין פרוי פון דער שמחה און געהייסען זי זאָל איהם בעהאַלטען אין דער גרויסער קליידער שאַפע. און טאַמער קומט דער סוחר, זאָל זי זאָגען, אַז ער איז ניטאָ אין דער היים; אַז זי ווייסט פון גאָר ניט —

חוה'לע האָט געפאָלגט. זי האָט איהם איינגעשלאָסען אין דער גרויסער קליידער שאַפע און פערמאַכט די טהיר.

איז ליפּאַ אַזוי אַבגעשטאַנען עטליכע שעה אויפ'ן זיינער אין דער קליידער שאַפּע און געציטערט פאַר שרעק... פּלוצים, האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאַהנט... און באַלד האָט ער גענומען קלאַפּען מיט די פויסטען אין די טיהרען פון דער שאַפּע און שרייען:

— חוה'לע! חוה'לע! לאָז מיך אַרויס! עפּען, עפּען! איך האָב קיין מורא ניט: ער קען מיר גאָר ניט טהאָן, דער פּריץ איך האָב סיי ווי פערגעסען נעהמען ביי איהם דעם הונדערטער!



# פערביטען די יוצרות.



עסי פערדיענט סך הכל אכט דאלאר א וואך ווען זי ארביים.

פון די אכט דאלאר, וואס בעסי פערדיענט, גיט זי אוים פיער דאלאר אויף פיינט און פאר־דער...

ביי איהר אין קאמאד געפינט זיך א גאנצער אוצר מיט סלאי־קלעך, פודעלעך, בערשטעלעך און אלערליי שמירעבצער.

כדי בעסי זאל קיין טעות ניט האבען, האט זי אויף די דעקלעך פון די פלעשלעך און פודעלעך און סלאיקלעך, אנגעשריבען וואס דארט געפינט זיך.

וויל זיך בעסי אפקאלכען דאס נעזעל, נעהמט זי די ווייסע פאודער; וויל זי זיך אפפארבען די באקען ראזע, נעהמט זי די ראזע פארב; וויל זי זיך אפשווארצען די ברעמען, נעהמט זי די שווארצע פארב; וויל זי זיך אפרויטלען די ליפען, נעהמט זי די רויטע פארב.

האט איין מאל געטראפען אזא געשיכטע:

בעסי'ס גרינע מאמע איז צוגעגאנגען צום קאמאד עפעס אויס־געפינען. האט זי דערווייל געכאפט א קוק אין אלע סלאיקעלעך, אין אלע פירעלעך. זי האט געוואלט זעהן, וואס דארט געפינט זיך. נור ביים ארויפגעבען צוריק די דעקלאך האט זי פערביטען די יוצרות: אויף די ר ו י ט ע פארב האט זי ארויפגענעבען דאס דעקעל פון די ש ו ו א ר צ ע פארב; דאס דעקעל פון די ש ו ו א ר צ ע פארב אויף די ו ו י י ס ע פאודער.

אזוי ווייטער און ווייטער.

אז בעסי איז פארנאכט אהיים געקומען פון דער ארבייט און אפגעגעסען סאפער, און זיך אוועקגעזעצט ביים פענסטער, האט מען זי ארונטערגערופען צום טעלעפאן.

לויפט זי ארונטער אין דראג סטאר, געהט אריין אין ביידעל, פארמאכט דאס טיהרעל, נעהמט דעם רעסיווער צום אויער:

— העלאו! ווער איז דאס? הא? מאקס? העלאו דיער! וואו ביזטו איצט? אין דער פערציגסטער סטריט? איך הער ניט! אין סעקאנט עווענו, ביזטו? האסט געקויפט טיקעטס צו די נייע פלעי? ווי הייסט די נייע פליי? איך הער ניט!... העללאו ווי הייסט זי? „דער געהאנגענער שוחט?" איך הער ניט... אה, „דער געשאסענער שוחט!"... זעהר גוט!... וועסטו מיך אפווארטען ביי דעם אריינגאנג פון טהעאטער? אללרייט!... יא, פונקט אכט א זייגער... איך זאל עס מאכען שנעל? אללרייט, מאקס! איך געה זיך שוין אנטהאן! גוד באי, דיער!... גוד באי!...

בעסי האט אויפגעהאנגען דעם רעסיווער און איז א צופריע־דענע ארויפגעלאפען זיך אנטהאן.

צוערשט האט זי אנגעטהאן א קארסעט: דאן א קארסעט־ווייסט: דאן א גרינע אונטער־קליידעל מיט ראפלעך: דאן א ווייסע אונטערקליידעל מיט ליים: דאן א פעטיקאוט פון סילק; דאן א סאמעטענע ווייסטעל מיט א ברייטען קאלנער: דאן א גרויע סקוירט מיט שווארצע פאסען און דאן — גרויע שיך מיט הויכע קלעצלעך.

פארטיג געווארען, האט זי געעפענט די שופלאדען פון'ם דרע־סער און זיך גענומען צו די פאודערס און פארבען... און אזוי ווי זי האט ניט געוואוסט, אז די מאמע איהרע האט צומישט די דעק־לאך און פערביטען די יוצרות, און טונקעל אין שטוב איז געווען, האט פאסירט אן אומגליק: מיט די שווארצע פארב האט זי אנ־געפארבט די באקען, מיט די רויטע פארב די ברעמען, מיט די ווייסע פארב די ליפען און מיט די ראזע פארב דאס נעזעל — — — — —

דאן האט זי זיך אנגעטהאן דעם העט, ארויפגעכאפט אין

איילעניש אויפ'ן האלז א שאליק פון ווייסען פוך, און איז שנעל, ווי א בליץ, אוועקגעלאפען בענגענגען איהר מאקס'ען.

אויפ'ן וועג האבען זיך מענשען אפגעשטעלט, געקוקט אויף בעסי'ן און זיך געקאטשעט פאר געלעכטער. קליינע קינדער זיינען איהר נאכגעלאפען מיט א פייפעריי, אבער בעסי'ן האט זיך ניט גע־חלומ'ט, אז דאס מיינט מען איהר...

און אט קומט זי צום טהעאטער, און אט לויפט צו איהר צו א ברונעטער בחור, אנגעטהאן ווי א ספארט, מיט א הויכען קאל־נער, ווי א כאמוט און בעסי רופט אויס:

— העלאו „דיערי!" דזשאסט אין טיים!

אבער מאקס האט ניט געענטפערט א ווארט. ער האט ניט געקענט ענטפערען; דאס לשון האט איהם אפגענומען. ער האט ארויסגעטאלפעטשעט א פאאר אויגען אזוי ווי באנקעס און ניט מיט זיין קול האט ער א רעווע געטהאן: „בעסי, אר יו קרייזי!??? וואצמעדער וויהט יו??..."

דערווייל האבען זיך ארומגעקליבען ארום זיי א מאסע מענשען און אלע האבען געלאכט הויך אויפ'ן קול...

— וואס טהוט זיך דא? — האט בעסי געפרעגט.

— קוק זיך אן אין שפיעגעל, וועסטו זעהן! — האט איהר מאקס געענטפערט.

בעסי האט ארויסגענומען דאס שפיגעלע פון איהר פאקעט־בוק און — א געשריי, א קווימש, א פאל אן ד'רערד — — — — —

אז בעסי האט שפעטער געעפענט די אויגען, איז די גאס געווען שווארץ פון מענשען. א פאאר פאליסלייט האבען געהאלטען אין שטופען דעם גרויסען עולם, און פון אלע זייטען האבען זיך גע־הערט געלעכטערס.

מאקס האט דערווייל אפגעצויגען...

און בעסי ווייסט ניט ביז'ן היינטיגען טאג וואו ער איז ערגעץ אהינגעקומען... געהערט האט זי זאגען, אז ער געהט באלד חתונה האבען פאר איהרע א געוועזענע חבר'טע, מעררי וויינשטיין...

# מעשה'לעך פאר פרויען.



ערצעהל מיר עפעס א שעהן מעשה'לע" — בעט זיך ביי מיר מיין פרוי.

„איך וועל דיר דערצעהלען א מעשה'לע וועגען א שעהנע פרוי מיט גאָלדענע האאר."

"פע! איך האב פיינט מעשה'לאך וועגען פרויען".

"וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה'לע וועגען א בעריהמטען רבי'ן, וואס האט געקענט בלינדע זעהענדיג מאכען".

„הויב עס אן: אויב ס'וועט מיר געפעהלען, וועסטו דאס ווייטער דערצעהלען. אויב ניט, וועסטו אנפאנגען אן אנדערס".

איך האב אנגעהויבען:

„אמאל איז געווען א גרויסער רבי. האט ער געהאט א ווייסע באָרד פונקט ווי א נביא. און אויגען האט ער געהאט ליכטיגע, הייליגע. און זיין שטערען איז געווען פול מיט קנייטשען. איז ער געווען א גרויסער בריה בלינדע זעהענדיג צו מאכען, איז מען געפאהרען צו איהם פון אלע עקען וועלט. און" — — — — — —

„מיר געפעהלט ניט דאס מעשה'לע"! — האט אויסגערופען מיין פרוי — „דערצעהל מיר אן אנדער מעשה'לע!"

„אויב דו ווילסט, טהייערע, וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה'לע וועגען א גאָלדען פישעלע וואס מען האט געפאנגען און וואס האט געבענקט צוריק צום טייך".

„לאז מיר הערען דעם אנהויב. אפשר וועט עס מיר געפעהלען".

„אמאל איז געווען א וואלד, אין וואלד איז געווען שטיל און קיהל. האט אין דער שטילקייט און קיהלקייט גערוהט א קלאָהר

טייכעל; אין דעם טייכעל איז ארומגעשוואומען א גאלדען פי־שעלע. און דאס גאלדען פישעלע האט געשטיפט מיט דעם קלאה־רען טייכעל און זיך געגרויסט מיט די גילדערנע שופען; איז געקומען א מענש און דאס פישעלע געפאנגען, און דאס אוועקגע־פיהרט זעהר ווייט פון'ם טייכעל. האט דאס פישעלע גענומען בענקען נאכ'ן שטילען וואלד, נאכ'ן קלאהרען וואסער, און די בענק־שאפט איז געווען א שטומע" — — — — — — — — — — — — —

„ס'איז ניט אינטערעסאנט!" — האט בעמערקט מיין שעהנע פרוי. — „דערצעהל עפעס א שעהנערס; דו קענסט דאך עפעס אזוי פיעל מעשה'לאך!"

„אויב אזוי וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה'לע וועגען א „טויטע שטעדטעל".

„לאמיר הערען".

„אמאל איז געווען א אידיש שטעדטעל, האט עס זיך געבא־דען ווינטער אין טיעפע שנעען און זומער אין ווייסע בליהטען. א פרום עהרליך שטעדטעל, מיט פרומע אידישע טעכטער. האט גאט דאס שטעדטעל בערשאלטען... האט זיך א גרויסער הלף ארונטער־געלאזט און — גלייך אויף די העלזער! עס האט לאנג ניט גענומען און דאס גאנצע שטעדטעל איז אויסגעשאכטען געווארען...

„אויף איינמאל איז א פרעמדער אין דעם שטעדטעל אריינ־געקומען, האט ער געטראפען אלע טיהרען און פענסטער אפען, די שוהל און די קלויז אפען, אבער אהן א לעבעדיגען מענשען... ער האט אפילו ניט געהאט ביי וועמען צו פרעגען וואס דא האט גע־טראפען. איז ער אויפ'ן בית־עולם אוועק, האט ער אויך קיינעם ניט געטראפען. בלויז דעם ווינד... האט ער געפרעגט ביים ווינד, האט דער ווינד ניט געענטפערט; ער האט זיך בלויז צוואויינט צווישען די קברים... איז דער פרעמדער" — — — — — — — — —

„דאס הייסט ביי דיר א שעהן מעשה'לע? מען קען דאך אנ־שלאפען ווערען!"

„נו, וועל איך דיר דערצעהלען א מעשה'לע וועגען פרעהליכע קינדערלאך. וועסט הערען?"

„אויב ס'וועט מיר געפעהלען"...

„אמאל האט זיך א בעטלער אוועקגעשטעלט אין מיטען גאס און גענומען שפּיעלען אויף א שפּיעל־קאסטען. ער האט געשפּיעלט זעהר א פרייליכס. זיינען זיך א סך קינדערלאך פון די ארימע הייזער צוזאמענגעלאפען און גענומען טאנצען אין מיטען גאס. די מאמעס האבען פון די פענסטער ארויסגעקוקט און געקוואלען פון נחת. האבען זיי דעם בעטלער מטבעות ארונטערגעווארפען, איינגעוויקעלט אין פאפּיערלאך, כדי דער בעטלער זאל ווייטער שפּיעלען און די ארימע קינדערלאך זאלען ווייטער טאנצען. אזוי איז טאקע געווען: דער בעטלער האט ווייטער געשפּיעלט און די קינדערלאך האבען ווייטער געטאנצט און געווען גליקליך. פּלוצים האט זיך דער הימעל פערוואלקענט, עס האט אנגעהויבען דונערען און בליצען, באלד איז געקומען א שטורעם און די קינדערלאך פערנאנדערגעטריבען און דעם בעטלער פעריאגט... אז דער שטור־רעם האט אויפגעהערט, זיינען די ארימע קינדער צוריק אין גאס ארונטער, ווייטער טאנצען. האבען זיי שוין דעם בעטלער מיט זיין שפּיעל־קעסטעל ניט געטראפען. קיינער ווייסט ניט וואו ער איז אהינגעקומען, און די קינדערלאך" — — — — — — —

„הער אויף! הער אויף! איך ליעב ניט דאס מעשה'לע. ס'איז צו טרויעריג... דערצעהל א מעשה'לע וואס איך זאל ליעבען..."

„שא! אט האב איז זיך דערמאנט א מעשה'לע וואס דו וועסט ליעבען. הער זיך גוט איין: —

„אמאל בין איך געזעסען אין א געזעלשאפט פון מענער. אלע פערהייראטהע. האבען מיר געטרונקען וויין און גערעדט וועגען אויסגעלאסענע פרויען, וועגען פאמיליען־לעבען... האט זיך איין מאן געשוואוירען, אז ער האט שוין דריי אנדערע פרויען געהאט אונטער דער צייט וואס ער איז פערהייראטה; א צווייטער מאן האט זיך געשוואוירען, אז ער לעבט מיט זיין דיענסט און זיין פרוי ווייסט דאס ניט... א דריטער האט זיך בעריהמט, אז ער האט שוין אין זיין לעבען פארפיהרט אפשר צוואנציג פרויען — — — — — —

„און וואס האסטו דערצעהלט?"

„איך האב זיי דערצעהלט, אז איך האב זעהר א שעהנע פרוי, די שעהנסטע וואס גאט האט בעשאפען. אן עהרליכע, א קלוגע, א געטרייע — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אט דאס מעשה'לע איז שעהן! אט דאס געפעהלט מיר! דערצעהל, דערצעהל ווייטער!" — האט מיין פרוי אויסגערופען בעגייסטערט —

און איך האב געענדיגט:

„און דערפאר האב איך נים געהאט קיין אורזאכע אפצונארען מיין פרוי" —

מיין פרוי איז געוועזן איבערגליקליך, און איך האב זיך געטראכט: דאס איז נים דער ערשטער און נים דער לעצטער ליגען וואס מיין פרוי האלט פאר אמת — — — — — — — — — — — — —



# א טענציל...



ר איז א בחור און זי איז א מיידעל.

ער הייסט שמעיה און זי הייסט זלפה.

ער איז א שעהנער און זי איז א מיאוסע.

ער איז אלט דרייסיג יאהר און זי צוויי און דרייסיג.

ער איז הויך און געזונד און זי איז קליין און שלאף.

ער איז א שוויגער און זי איז א ריידערקע...

ער איז א זייגער־מאכער און זי איז א פינישערזע.

ער איז א יתום און זי האט עלטערען.

מיט דריי יאהר צוריק האבען זיי זיך בעקענט.

האט זי איהם געלאזט וויסען, אז זי ליעבט איהם, אז זי געהט אויס נאך זיינע טריט, אז יעדער נאכט חלום'ט זי פון איהם...

האט ער זי געפרעגט וויפיעל געלד זי האט.

האט זי געענטפערט זעקס הונדערט דאלאר.

האט ער געפרעגט: ווי קומט צו דיר זעקס הונדערט דאלאר?

האט זי געענטפערט: איך ארבייט שוין אכט יאהר, און מיינע עלטערן נעהמען ניט ביי מיר פאר עסען און שלאפען. וואס איך פערדיען, שפאר איך.

האט ער זיך געהייסען ווייזען דאס באנק־ביכעל.

האט זי איהם געוויעזען.

האט ער געזאגט: עס פרעהט מיך זעהר; פון היינט אן און ווייטער וועל איך אויך אנהויבען צו חלום'ען וועגען אייך.

האט זי גענומען שמייכלען.

האט ער געזעהן, אז זי שמייכעלט, האט ער אויך גענומען שמייכלען.

איהרע עלטערן האבען איהם איינגעלאדען צו זיך אויף א סאפער. ער איז געקומען און הנאה געהאט.

א פיינער סאפער געווען!

אין א וואך ארום האט מען געשריעבען תנאים און אבגעלייגט די חתונה אויף שבת נאך שבועות.

א חודש פאר דער חתונה האבען די כלה'ס עלטערן ווידער געמאכט א פיינעם דינער און איינגעלאדען דעם חתן.

דער מאנלצייט איז פארטיג. די כלה איז אויסגעפוצט, די כלות עלטערן שיינען פאר נחת, און די כלה'ס שוועסטערלאך און ברידערלאך האט מען אוועקגעשיקט אין די „מאוויעס" זיי זאלען ניט פערשטערען די שמחה.

פונקט צוועלף א זייגער האט דער חתן געדארפט קומען.

צעהן מינוטען פאר צוועלף האט זיך די כלה אוועקגעזעצט איבער א ביכעל... די כלה'ס טאטע האט גענומען ארייננקוקען אין א צייטונג און די כלה'ס מאמע האט זיך צורעכט געמאכט דאס שייטעל...

פונקט פינף מינוטען פאר צוועלף האט א בחור'ל מיט א צו־ריסען קאשקעטעל און קרומע פיסלאך, אנגעקלאפט אין טהיר.

האט איהם די כלה'ס מאמע אריינגעלאזט. האט ער געפרעגט אויב דא וואהנט מיסטער מיצעל.

האט זי געענטפערט: — יע.

האט דער בחור'ל איבערגעגעבען די פרוי א שטיקעל פאפיער. עפענט זי דאס שטיקעל פאפיער, זעהט זי עס איז בעשריעבען. דערלאנגט זי דאס איהר מאן. בעטראכט ער דאס שטיקעל פאפיער און ענטפערט: „דאצרייט", ס'איז טאקע בעשריעבען... און ער דערלאנגט דאס דער כלה. דרעהט די כלה דאס בריוועל פון אלע זייטען און זאגט: „טאטע, האסט רעכט; ס'איז טאקע בע־שריעבען"...

רופט מען אריין א שכן. נעהמט דער שכן לייענען:

„ליעבע זלפה! איך קען היינט ניט קומען צו דינער, וויל

איך בין פלוצלינג זעהר קראנק געווארען. דער דאקטאר הייסט מיר ליעגען אין בעט.

דיין שמעיה„.

איבערנעלעזען דאס בריוועלע, איז די כלה בלאס געווארען און אנגעהויבען וויינען...

— וואס וויינסטו?

— דאס הארץ זאגט מיר, אז ער בלאפט... אז ער איז ניט קראנק — וועה איז מיר — ער האט חרטה אויפ'ן שידוך...

און די כלה האט זיך גענומען שלאגען מיט ביידע פויסטען אין קאפ און שרייען און קוויטשען און קריגען „סטעריקע..."

איז געבליעבען בעטען דעם שכן, ער זאל זיך מטריח זיין און אויסגעפינען אויב דער חתן איז טאקע קראנק...

טהוט דער שכן א טובה און לויפט אריבער צו דער מיסעס, וואו דער חתן וואהנט, און ער געפינט אויס אז דער חתן איז טאקע קראנק, גוט קראנק; אז ער האט א שטארקע גריפ און ער האלט ביים קריעגען „ניומאניא"...

ווי נאר דער שכן האט אהיים געבראכט די דאזיגע נייעס, איז געווארען א שמחה אין הויז!

די כלה האט זיך צוקושט מיט דער מאמען און געהאלטען אין פרעהען זיך...

„דער חתן איז קראנק! דער חתן איז קראנק!" — האט עס גענומען הילכען איבער'ן הויז — „דער חתן איז קראנק!... ער האט ניט געבלאפט... ער האט די גריפ... ער האלט אין קריעגען „ניומאניא"!...

און די כלה און איהרע עלטערען האבען זיך אוועקגעלאזט א טענצעל...



# אוי, די ווייבער!



ים ווייבער טאָר מען זיך גאָרניט אָנהויבען. באַלד ווערען זיי אין כעס. און דוקא פאַר גאָר ניט; פאַר יעדער קלייניגקייט.

„מיין פרוי איז אַוועק פון מיר און זי וויל מיך מעהר ניט קענען. איהר ווילט וויסען פאַר וואס? אַט וועט איהר הערען.

„מיין פרוי'ס אַ חבר'טע, זעהר אַ שעהנע מיידעל, פלעגט אריינקומען צו מיר אין הויז. ווי געוועהנליך, אַ פרוי'ס אַ חבר'טע, האָב איך זיך געהאַלטען צו איהר זעהר פריינדליך. וואָס הייסט פריינדליך? פריינדליך הייסט: „מעשה גוטער ברודער". צו־ערשט פלעג איך איהר גלאַט אַזוי מאַכען קאָמפּלימענטען, איהר זאָגען, אַז זי איז אַ מלאך, אַ שולמית; אַז איהרע אויגען קענען פער'כשופ'ען אַ וועלט מיט מאַנסבילען; און פון אַלע מיידלעך, וואָס איך קען, איז זי די שעהנסטע. געוועהנליך האָב איך דאָס געזאָגט, מיין ווייב זאָל הערען. זאָל זי אויך הנאה האָבען; זי איז דאָך עפּעס איהרע אַ חבר'טע

„דאַן האָב איך איהר אַ קוש געטהאַן און דערביי בעמערקט: „פאַר אַזאַ קוש אין ווערטה אַוועקצושענקען אַ העלפט לעבען, מחמת אַזעלכע רויטע, בליהענדע באַקען האָב איך נאָך קיינמאָל ניט גע־קושט". דאַן האָב איך זיך געשפּיעלט מיט איהר ווייסען האַלז... איך האָב געגלעט און זי האָט געשמייכעלט. איך האָב דאָס אַמישנע געטהאַן מיין ווייב אין די אויגען, כדי עס זאָל איהר פערשאַפען פערגניגען...

„שפּעטער איז מיין פרוי'ס חבר'טע געוואָרען זעהר פריינדליך

צו מיר און מיך איינגעלאַדען אויף אַ שפּאַציער. פערשטעהט זיך, אַז איך האָב די איינלאַדונג באַלד אַנגענומען. איהר וואָלט דען געווען בעסער? עס איז גאַנץ אַנגענעהם זיך דורכצוגעהן מיט אַ שעהנע מיידעל, וואָס איז סך הכל צוואַנציג יאָהר אַלט און איז נאָך דערצו אייער פרוי'ס אַ גוטע פריינדין...

„פון שפּאַציער האָב איך איהר אַריינגעפיהרט אין אַ רעסטאָ־ראַן, איהר מכבד געווען מיט אַ פיינעם מאָהלצייט, דאַן זיינען מיר אַריין אין אַן אייזקרים פּאַרלאָר, דאַן האָב איך זי אַבגעפיהרט אַ היים צו איהרע אַ קוזינע.

„איך האָב דאָס באַלד אויף מאָרגען דערצעהלט מיין פרוי. זאָל זי האָבען נחת; זאָל זי זעהן, ווי איהר מאַן „טריט" איהרע אַ חבר'טע!

„אויף מאָרגען האָב איך שוין ניט געוואָרט, אַז די חבר'טע זאָל קומען צו מ י ר, נור איך בין געגאַנגען צו א י ה ר...

„די נאַכט איז געווען אַ רעגענדיגע, אַ פינסטערע; געהן אין אַ פּאַרק האָט מען ניט געקענט, בין איך אַוועק מיט איהר אין ענגלישען טהעאַטער. (אין אידישען האָב איך מורא געהאַט, אַז מען וועט מיך דערקענען). פון טהעאַטער זיינען מיר ווידער אַריין אין אַ רעסטאָראַן (אין זעלבען וואָס נעכטען), און מיר האָבען ווייטער געגעסען אַ גוטען מאָלצייט, און איך האָב זי ווידער אַבגעפיהרט אַ היים צו איהר קוזינע.

„ווען איך האָב זיך מיט איהר געזעגענט און איהר אַ קוש גע־טהאָן, האָט זי מיך פעסט אַרומגענומען און מיר אָפּגעגעבען פאַר מיין קוש — צוויי. און מיר איינגערוימט אַ סוד, אַז זי ליעבט מיך; אַז זי קען צוליעב מיר קיין נעכט ניט שלאָפען, און עס פערדריסט איהר זעהר שטאַרק, וואָס איך בין שוין פערהייראַט, און נאָך דערצו מיט איהר בעסטע חבר'טע.

„ווען איך בין אַ היים געקומען, איז שוין מיין פרוי געשלאָפען. האָב איך זי תיכף אויפגעוועקט און איהר אַלעס דערצעהלט. ערשטענס, זאָל זי זעהן, ווי איך ליעב איהר פריינדין, און, צוויי־

טענס, זאָל זי זעהן, וואס פאר א פיינעם מאַן זי האָט, אז אפילו מיידלעך ליעבען איהם — — — — — — — — — —

„מיין פרוי האָט בלויז א זיפץ געטהאָן...

„מילא, האָב איך זיך געטראכט, א פרוי זיפצט, זאָל זי זיפּ־צען געזונטערהייט; מסתמא האָט זי דאָך דערפון פערגעניגען!

„נאָכ׳ן זיפצען, האָט זי זיך צואויינט... שטעה איך און קוק זי אָן. ווי א משוגענע: „וואָס וויינסטו? וואָס האָב איך דיר געטהאָן? פערקעהרט, עס דארף דיר נאָך הנאה טהאָן: איך ליעב דאָך דיינע א פריינדין, ניט מיינע..."

„אז זי האָט זיך געהאט אויסגעוויינט און אויסגעווישט די אויגען, האָט זי מיך געפרעגט, למאי איך דארף גאָר אין גאנצען אהיים קומען; למאי איך פערבלייב שוין ניט נעכטיגען ביי איהר חבר׳טע.

„האָב איך איהר געענטפערט, אז איך קום ניט אהיים צו קיין פרעמדע, נאָר צו אן אייגענער פרוי. און צו אן אייגענער פרוי מעג יעדער מאַן אהיים קומען. קיינער קען איהם גאָרניט טהאָן דער־פאר... און אז איך וועל זיין פערהייראטה מיט איהר חבר׳טע, וועל איך קומען צו איהר.

„אט אזוי האָב איך געענטפערט מיין ווייב. האָט זי ווידער גענומען וויינען... און איהר ווייסט דאָך שוין אונזערע ווייבער, אז זיי צואוויינען זיך, ווייסען זיי ניט ווען אויפצוהערען. איך ווייס גאָר ניט, וואו עס נעהמט זיך צו זיי אזוי פיעל טרעהרען! הקיצור, זי האָט שוין אזוי אפגעוויינט ביז ס׳איז טאָג געוואָרען.

„דערווייל האָט מיין ווייב׳ס חבר׳טע אויפגעהערט אריינקו־מען צו מיר. וואס־זשע האָב איך געטהאָן? האָב איך אנגעהויבען אריינגעהן צו איהר... מיין מיידעל׳ס קוזינע האָט דאָס אפילו ניט געגליכען. סטייטש, א פערהייראטהער מאַן זאָל זיך ארומ־שלעפען מיט א מיידעל! דאָס איז ניט פיין פון מיר. ניט אנ־שטענדיג...

„האָט מיין מיידעל איהר גענומען סטראשען, אז זי וועט ארויסמופען פון איהר, האָט דאָס געווירקט... איך פון מיין זייט,

האב איהר געמאכט א פאר קאמפלימענטען, האב איך זי אין גאנ־
צען אבגעקויפט.

„ווייבער! פאר א קאמפלימענט וועלען זיי אייך אוועקגעבען
דאס הארץ מיט דער נשמה!

„קורץ און גוט: איך האב בעשלאסען געהן וואוינען מיט
דער מיידעל. האבען מיר גענומען דריי רומס מיט פארטיגע מע־
בעל און מיר האבען אריינגעמופט. און כדי די קוזינע זאל קיינעם
נים דערצעהלען, האבען מיר ביידע ביי איהר געגעסען...

„וואס־זשע האט געטהאן מיין פרוי? זי האט אריינגערופען
א אידען, וואס האנדעלט מיט אלטע מעבעל, איהם פערקויפט די
גאנצע הויז מיט אלץ מיט אנאנדער און איז אוועק וואוינען צו איהר
מאמען — — — — — — — — — — — — — —

„האב איך דאס דערצעהלט מיין יונג ווייבעלע, האט זי מיר
געהייסען איהר שיקען יעדער וואך פינף דאלאר אויף צום לעבען.
האך געוועז מיין פרוי דריי יאהר צייט. אי, ס'איז ניטא קיין קינ־
דער? מילא, איז נים קיין קינדער!

„האט זי מיר די פינף דאלאר צוריקגעשיקט אין איינעם מיט
א בריוועל, אז זי וויל מיך מעהר נים קענען; און אז זי קען זיך
בעגעהן אהן מיר; און איך זאל זיך מעהר מיט איהר ניט איבער־
בעטען...

„איצטער פרעג איך אייך: הייסט דאס ריכטיג געהאנדעלט?
און צוליעב וואס? צוליעב א גאר נים, א קלייניגקייט!

„אוי, די ווייבער!“



# אין א הייסען טאג.



הייסער טאג, א גליהענדער טאג. מענשען געהען און שוויצען און פאכען מיט די נשמות.

וואו מען געהט און וואו מען שטעהט הערט מען נאר: „ס'איז הייס! עס פארעט! עס באקט!"

די אייז־לייט זיינען ביזי; לייזען א סך געלד און זיינען צופריעדען.

די סאדא־סטענדס און די אייז־קרים פארלארס זיינען בעלאגערט.

די קארס, וואס לויפען אין קוני איילאנד, זיינען געפאקט דערשטיקט צו ווערען. יעדער איינער וויל אבבאפען דעם אטהעם ביים קיהלען ים...

אין די פארקס, אויף די בענק, זיצען פערשמאכטע, מיעדע מענשען פערווארפען די קעפ און דרעמלען.

די פאליסלייט שטעהען אין די הינטערשטע רומס פון די סאלונען און קיהלען זיך די הערצער מיט לאגער־ביער...

די ווייבער פון אידישען קווארטאל, וואס קענען ניט אויספאהרען צום ים, זיצען אויף די סטופס מיט צושפילעטע ווייסטלעך און די ארימע קינדערלאך — פערשטויבטע, פערשוויצטע, האלב־נאקעטע, לויפען ארום אין די גאסען, פלאנטערען זיך צווישען די קארס און עקספרעסען און מאכען זיך פאר אייביגע קאליקעס.

אט אין אזא טאג בין איך ארומגעגאנגען אין גאס. איך האב געפיהלט אזוי הייס, ווי איך וואלט ארונטערגעשלונגען די זון...

פלוצים הער איך: „מיסטער, מיסטער!"

איך קוק זיך אום — עס שטעהט א שעהנע מיידעל און פערקויפט בלומען.

געה איך צו און פרעג זי וואס זי וויל.

— קויפט ביי מיר א בוקעט בלומען.

— וואס טויגען מיר בלומען? — זאג איך — או די נאז איז ביי מיר פערלייגט... א ניו יארקער איד, וואס איז געוואהנט צום געשמאק פון די מיסט־פעסלאך קען ניט פערטראגען דעם דופט פון בלומען...

— איך מיין ניט פאר אייך — זאגט דאס מיידעל — איך מיין פאר אייער פרוי.

— איך האב ניט קיין פרוי.

— טא קויפט פאר אייער כלה.

— איך האב ניט קיין כלה.

— טא קויפט א בוקעט פאר אייער מיסעס.

— זי דארף ניט קיין בוקעטען.

— וואס דען דארף זי?

— זי דארף אן אנדער מאן — זאג איך — דער איצטיגער מאן איהרער איז א קראנקער, א שוואכער, ער האט ניט קיין לונגען...

— טא קויפט א בוקעט בלומען פאר אייער שוועסטער.

— מיין שוועסטער דארף אויך ניט קיין בלומען.

— וואס דען דארף זי?

— זי דארף האבען א חתן, ווי איינער דארף לעבען; א חתן וואס זאל איהר בעקליידען און בעשיכען און חתונה האבען מיט איהר, און איהר שיקען יעדען זומער אין קאונטרי.

— טא קויפט א בלימעל פאר אייער מוהמען.

— מיין מוהמע דארף אויך ניט קיין בלומען.

— וואס דען דארף זי?

— זי דארף מופען פון די רומס און זי האט ניט מיט וואס.

— טא קויפט א בלימעל פאר אייער קוזינע.

— מיין קוזינע דארף אויך ניט קיין בלומען.

— וואס דען דארף זי?

— זי דארף האבען א לאיער.

— וואס טויג איהר א לאיער?
— זי וויל לאזען ארעסטען איהר מאן, לואי, ער שלאגט זי.
— טא קויפט א בלימעל פאר אייער מוטער.
— מיין מאמע דארף אויך ניט קיין בלומען.
— וואס דען דארף זי?
— זי דארף האבען צוועלף דאלאר ארויסצונעהמען איהר גאל־דענע וואטשקע פון פאאן־שאפ, אז ניט וועט עס בלייבען ביים „פע־טער“...
— טא קויפט א בלימעל פאר אייער געליעבטע.
— איך האב ניט קיין געליעבטע.
— אויב אזוי, זייט איהר דאך א גליקליכער מענש, מעגט איהר דאך אודאי קויפען א בוקעט בלומען!
— איך דארף ניט קיין בלומען.
— וואס דען דארפט איהר?
— איך דארף מארגען זיין אין קאורט, ווייל איך האב אויף זיך א „ברימש און פראמיס“ קייס; א מיידעל באדערט מיך; זי וויל איך זאל מיט איהר חתונה האבען און איך וויל נים.



# אַ שוואַרצער יונגערמאַנטשיק.



יט אַ קורצער צייט צוריק האָט זיך אויף די בראנזווילער גאַסען בעוויזען אַ שעהנער יונגער מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, מיט שוואַרצע פייערדיגע אויגען, אָנגעטהאָן ווי אַ ספּאָרט, מיט אַ שטעקעל אין האַנד און מיט אַ סיגאַר אין מויל. ער האָט אויסגעקוקט ווי דער וועלט־בעריהמטער זינגער קאַרוסאָ.

ווער איז ער און פון ו ו א נ ע ן קומט ער און ו ו אַ ס טהוט ער, האָט קיינער ניט געוואוסט. גאַנץ בראַנזוויל האָט גערעדט פון איהם.

די ווייבלעך פלעגען איהם בעגלייטען מיט זשעדנע בליקען און בעמערקען: „אָט דאָס הייסט אַ קראַסאַוועץ!" זיי האָבען פערגעסען אָן יקרות, אָן זייער הויז־ארבייט, אָן זייערע מענער, און נור גערעדט וועגען דעם שעהנעם מאַן מיט די שוואַרצע אויגען וואָס זעהט אויס ווי קאַרוסאָ...

די מיידלעך, ווידער, האָבען זיך צוליעב דעם שעהנעם יונגענמאַן גענומען שעהנער פוצען, אָפּהיטען זייערע פּאָה'לעך... ווייסער מאַכען די נעזלעך, רויטער מאַכען די בעקלעך, אָנסטרויען זיסע חן'דלעך און געזוכט אַ געלעגענהייט זיך צו בעגעגענען מיט דעם שעהנעם חברה־מאַן. מאַנכע האָבען זיך פּעראינטערעסירט צו וויסען זיין אַדרעס: זיי האָבען איהם געוואָלט שרייבען ליעבעסבריעף...

קורץ און גוט, דער שעהנער יונגערמאַן איז געוואָרען דער געשפּרעך פון טאָג. אין אַלע הייזער, אין אַלע שוהלען, אין אַלע טהעאַטערס, האָט מען נור גערעדט וועגען דעם שעהנעם יונגען מאַן וואָס זעהט אויס ווי קאַרוסאָ.

האָט דאָס אַנגעהאַלטען אזוי לאַנג, ביז מיסטער נאַטע, דער גרעססטער שדכן פון בראַנזוויל, האָט איהם אריינגענומען אין זיינע הענד... און האָט איהם באַלד פאַרגעשטעלט פאַר אַ רייכען, פרומען בעל־הבית, וואָס האָט פערמאָגט אַן אַלטע טאָכטער, ניט קיין געזונטע, דערפאַר אָבער מיט זעקס טויזענד דאָלאַר נדן.

דער יונגערמאַן האָט אַנגעהויבען אריינקומען צום רייכען פרומען אידען אין הויז. מען האָט איהם זעהר פיין אויפגענומען. מען האָט געמאַכט פאַר איהם די שעהנסטע מאָהלצייטען. מען האָט איהם געגעבען לאַנגע אויטאָמאָביל רייזעס — ביז... ביז מען האָט אַנגעהויבען ריידען מיט איהם מכח אַ תכלית...

אין אַ געוויסען אָבענד, נאָך אַ גוטען מאָלצייט מיט וויין און געגזענס, האָבען איהם דער מיידעל'ס פאָטער און מוטער אַ פרעג געטהאָן מכח „אכטצעהן און דרייצעהן" — דאָס הייסט, אויב ער וואָלט געוואָלט ווערען זייער איידים.

דער יונגערמאַן האָט אויסגעהערט דעם פאָרשלאָג, זיך פער־רויכערט אַ סיגאַר און געענטפערט:

— איך וויים ווירקליך ניט ווי צו האַנדלען... איהר זייט אַ פיינע פאַמיליע. אַ רייכע, אַ פרומע. איהר שטאַמט — האָב איך געהערט — פון לוימער רבנים, און איך? — — — —

ער איז געבליבען שטיל... די מיידעל'ס עלטערען האָבען איהם אַנגעקוקט מיט מאָדנע בליקען. ניט געוואוסט וואָס ער מיינט. ער האָט דאָס בעמערקט און ארויסגעזיפצט: — און איך האָב אַ גע'שמד'טען טאַטען...

— וואָ—ס??

— אַט דאָס וואָס איהר הערט... שוין פופצעהן יאָהר ווי ער האָט זיך גע'שמד'ט...

טראַכט דער טאַטע, קלעהרט די מאַמע... שטעהען אַ ווייל‌ע ווי פערגליווערט. און ענדליך גיבען זיי זיך אונטער: „וואָס זייט איהר שולדיג?" — זאָגט דער פרומער טאַטע — „איהר האָט איהם דען געהייסען זיך שמד'ען? מילא, פערפאַלען... אבי א י ה ר זייט אַ איד..."

— אַבער! — רופט אויס דער יונגערמאַן — עס איז פאַראַן נאָך אַן אַפּהאַלט...

— וואָס פאַר אַן אַפּהאַלט? — פרעגען די עלטערען דער־שראָקען.

— איך האָב אויך אַ גע'שמד'טען ברודער...

— האַ? וואָס? אַ גע'שמד'טען ברודער אויך?

— יאָ. אַן עלטערען ברודער...

בלייבען די עלטערען ווי געפּלעפּט... ווי מען וואָלט זיי דער־לאַנגט מיט אַ ציגעל אין קאָפּ... אַ טאַטען אַ משומד, אַ ברודער אַ משומד...

— מילא, פּערפּאַלען, — זאָגט ווידער דער טאַטע — וואָס זייט איהר נעבאָך שולדיג?... זיי האָבען דען ביי אייך געפרעגט צו זיי זאָלען זיך שמד'ען?... אַבי אַ י ה ר זייט אַ פיינער מענש... און דאָס איז דער עיקר... און זאָל זיין אין אַ מזל'־דיגער שעה...

— אַבער... — רופט ווידער אויס דער יונגערמאַן — און ער טהוט אַ שטאַרקען ציה דעם סיגאַר.

די עלטערען בלייבען ווי פערשטיינערט און דער יונגערמאַן רעדט ווייטער:

— איך האָב אַ שוועסטער אַ גאַסען־פרוי... אַ געפאַלענע... אַ רייכער שאַרלאַטאַן האָט איהר אַמאָל פערפיהרט, איז זי אַרונ־טער פון דרך הישר...

— האַ? אַ שוועסטער אַ גאַסען־פרוי?... דאָס איז שרעק־ליך! —

און דער יונגערמאַן רעדט ווייטער: אַ חוץ דעם האָב איך נאָך אַ ברודער אַ גענגסטער. ער געפינט זיך איצט אין סינג־סינג, אין טויטען־הויז... ער האָט ערמאָרדערט זיין פרוי... שוין צוויי יאָהר אין דעם...

— אַ ברודער אַ מערדער??...

— און אַ פעטער האָב איך, איז ער אַן אויסוואורף... אַ פייער־מאַכער...

ביי די עלטערען האָט אָפּגענומען דער לשון. אַז זיי זיינען געקומען צו זיך, האָט זיך דער טאַטע אָפּגערופען:

— אַז מען וויל רעדען אויף צוריק, האָט דאָס מיט אונז אייגענטליך ניט וואָס צו טהאָן... אַבי איהר זיינט אַ מענש... וואָסי? איך וויל זיך דען משדך זיין מיט אייערע שוועסטער און ברידער? ווער קעהרט פאַר זיי? זיי שפּיעלען דאָ אייגענטליך גאָר קיין ראָלע ניט; איהר זייט דער עיקר און איהר געפעלט אונז און זאָל זיין מיט מזל...

— עס איז נאָך אַליין דאָ אַ שטיקעל אַפּהאַלט...

— וואָס פאַר אַן אָפּהאַלט איז איצט דאָ?

— איך... איך... האָב אַ פרוי מיט צוויי קינדער אין בוי־בעריק...

— — — — — — — — — — — — —

און ווידער שלאָנדערט דער שעהנער יונגערמאַן ארום איבער די בראָנזווילער גאַסען, און ווידער עסען איהם די ווייבלעך אויף מיט זייערע הונגעריגע אויגען, און ווידער זוכען די בראָנזווילער אידישע טעכטער די בעקאַנטשאַפט מיט דעם שוואַרץ־אויגיגען מאַן, וואָס קוקט אויס ווי דער וועלט־בעריהמטער זינגער קאַרוסאָ...



## „פלענטי!"...



ווי בלויע אויגען האבען זיך בעגעגענט מיט צוויי שווארצע אויגען און פון די פיער אויגען האט ארויסגעשפראצט א ליעבע...

די בלויע אויגען האבען בעלאנגט צו סיידי'ן און די שווארצע אויגען — צו מאקס'ען.

סיידי איז אלט געוועז א יאהר 22 און מאקס א יאהר 30.

ער איז געוועז הויך, געזונד און שעהן, און זי — ניעדריג, שוואך און ניט שעהן.

דאך האבען זיי זיך פערליעבט... דאס הייסט: איהם האט זיך אויסגעדאכט, אז ער ליעבט איהר.

פרעגט מאקס ביי סיידי'ן: וואס טהוסטו? ביי וואס ארבייטסטו? האסטו עלטערען?

ענטפערט סיידי:

— איך ארבייט אין א שאפ, קיין עלטערען האב איך ניט און איך בין א יתומה.

— איך בין א יתום, — ענטפערט מאקס — איך ארבייט אויך אין א שאפ.

— איך וואלט זעהר געוואלט פטור ווערען פון שאפ,—ענטפערט סיידי.

אויף מארגען האבען זיי שוין גערעדט וועגען א צוקונפט, וועגען א תכלית... סיידי האט געגעבען אנצוהערען, אז זי וואלט שוין געוואלט „זיין פאר זיך".

אבער מאקס האט געענטפערט, אז ער איז נאך ניט „רעדי"; ער איז נאך ניט געפאסט חתונה צו האבען.

— פארוואס?

— ווייל איך האב מורא, אז מיר זיינען נאך נים גענוג צו־געטרייעט איינער צום צווייטען... מיין פארשלאג וואלט געווען, אז מיר זאלען חתונה האבען אויף „פראבע"... דאס הייסט, אויף א דריי מאנאטען. ווען מיר קענען שטימען, בלייבען מיר ווייטער וואוינען; טאמער נים — איז אוים. בלייבען מיר גוטע פריינד פון דער ווייטען.

— ניט קיין שלעכטער פארשלאג! — ענטפערט סיידי — ער געפעלט מיר.

אין א וואך ארום האט מאקס גענומען דריי רומס, א ביסעל פארניטשור צום אבצאהלען און ער איז געווארען א בעל־הבית'ל.

אויף מארגען נאך דער חתונה האט סיידי אויסגעזעהן נאך קלענער, נאך שלאפער און נאך מיאוס'ער.

אז מאקס האט א קוק געטהאן אויף סיידי'ן מים זיינע שווארצע אויגען, האט זיך א קרעכץ געהערט; אז סיידי האט א קוק געטהאן אויף מאקס'ען מים איהרע בלויע אויגען, האט זי א שמייכעל געטהאן... ער, מאקס, האט פערשטאנען איהר שמייכעל, אבער ער האט זיך געטרייסט: „די דריי חדשים וועלען גיך אריבער..."

די צייט איז געקומען... מאקס האט צוגערופען סיידי'ן און איהר ערקלעהרט, אז ער איז שוין געווען גענוג פערהייראטה. מען דארף נים מעהר... צייט זיך צו שיידען... ווי לאנג איז דאס דער שיעור צו זיין פערהייראטה?

זאגט סיידי:

— מאקס לאמיר נאך טרייען א דריי חדשים.

ענטפערט מאקס: פלענטי!

נעהמט סיידי וויינען: אפשר וועלען מיר זיך איינטרייען?

אבער מאקס האלט אין איין שרייען:

„פלענטי!"

שיקט סיידי איהרען א פעטער מיט א מוהמען רעדען מיט מאקס'ען.

פרעגט איהם סיידי'ס פעטער: וואס פאר א ווערטה האט, מישטיינס געזאגט, דריי חדשים אין א פערהייראטהעו לעבען?

ענטפערט מאקס: „פלענטי!“

פרעגט סיידי'ס מוהמע: וואו איז דא דער יושר? עס איז דאך אויף איהר א רחמנות — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מארגען האט מאקס ווידער א געשריי געטהאן: „פלענ־טי!“ און האט פערלאזען סיידי'ן.



# א ווייבערשער סוד...



לעכט, אז מען פאלגט ניט קיין קלוגען מענשען. אז מיין חבר מייקעל גרינשטיין האט זיך אנגע־הויבען ארומשלעפען מיט א מיידעל, האט ער ביי אלעמען געפרעגט עצות. האב איך איהם געזאגט איין ווארט: „סטאפ!“ סטאפ ארומ־געהן מיט דער מיידעל. ניט נאר מיט ד ע ר מיידעל, נור מיט אנדערע מיידלעך אויך. אויב דו זעהסט א מיידעל פון א י י ן זייט גאס, לויף באלד אריבער אויף דער א נ ד ע ר ע ר זייט.

זיין עלטערער ברודער (שוין א פעראומגליקטער...) האט איהם געזאגט:

— מייקעל, היט זיך ווי פאר פייער! וועסט ליגען אין גע־האקטע וואונדען. וועסט חרטה האבען!

דער טאטע זיינער האט איהם געזאגט:

— קינד מיינס, דאס הארץ זאגט מיר, אז דו וועסט פער־פינסטערט ווערען. פאלג דיין טאטען און בלייב א בחור. האב ניט חתונה.

די מאמע האט איהם צוגעדריקט צו זיך און מיט טרעהרען אין די אויגען געיאמערט:

— נשמה מיינע, האב ניט חתונה!... איך וואלט אפילו גע־וואלט נחת דערלעבען, האבען אייניקלעך, אבער דיין לעבען איז מיר טהייערער פון אלץ. בלייב א בחור!

זיינער א פעטער, א שטיקעל ליץ, האט איהם געזאגט:

— מייקעל, ווער בעסער א בר־מנין! אויב עס גלוסט זיך דיר צרות, וועסטו זיי האבען. דו וועסט האסען דיין ווייב ווי איך האס מיינע. און מיינע האס איך ווי דעם טויט. און וואס מעהר איך האס זי, אלץ מעהר ווילט זיך איהר האסען...

איך שטעה אומישנע אויף יעדען טאָג מיט דריי שעה פריהער, כדי איך זאָל האָבען מעהר צייט איהר צו האסען...

אַט אזוי האָט איהם יעדער איינער געוואָרענט, און, דער שוטה, דער פרא אדם, האָט קיינעם ניט געפאָלגט און חתונה געהאָט.

אויף מאָרגען נאָך דער חופה איז ער שוין געקומען צו זיין מאמען זיך אויסוויינען דאָס הארץ.

אויף איבערמאָרגען האָט ער זיך שוין געהאָט מיט זיין ווייבעל געקריגט צוויי טעג.

אויפ'ן דריטען טאָג האָט ער זיך מיט איהר ווידער געקריגט. און אויפ'ן פינפטען טאָג האָט ער זיך שוין געהאַט אָפּגעקריגט מיט איהר כמעט אַ גאַנצע וואָך...

האָט ער געזעהן, אז ער איז איין דר'ערד, אז ער וועט שוין מיט זיין ווייבעל דארפען אָפּפינסטערען זיינע יאָהרען, און אז אָהן קריעגערייען קענען זיי ניט אויסקומען, האָט ער זיך גענומען בע־טען ביי איהר, אז זי זאָל כאָטש פאר קיינעם ניט דערצעהלען, אז זיי קריעגען זיך. זאָל האָטש קיינער ניט וויסען פון זיין אומ־גליק... ער שעהמט זיך פאר זיין משפחה... פאר זיינע עלטערען... פאר אלע זיינע פריינד...

האָט זי זיך געשוואָרען פאר איהם, אז קיינער ווייסט עס ניט, אַ חוץ — די ווייבעל פון נעקסט דאָר און דער ווייבעל'ס פיער באָרדערס, און דער ווייבעל'ס מאַן, און איהר מאַן'ס צוויי שוואָ־גערס, און דער בוטשער, און דער אייז־מאַן, און דער קויהלען מאַן, און דער מילך־מאַן, און דער גראָסערי מאַן, און דער לאָנדרי מאַן, און דער פרוכט מאַן, און די מאַמע איהרע, און דער קאָלעקטאָר פון די „פאָרנישע", און דער דראָגעססמאַן און אלע איהרע בעקאַנטע און גלאט אזוי מענשען — ווייטער ווייסט קיינער ניט.

איז ער געוואָרען שטארק אין כעס און זיך מיט איהר גענומען קריעגען צוויי מאָל. איין מאָל דעם געוועהנליכען מאָל; און דאָס צווייטע מאָל, למאי זי דערצעהלט אלעמען, אז זיי קריעגען זיך...

שלעכט אז מען פאָלגט ניט קיין קלוגע מענשען, וועלכע זיינען שוין פערהייראטה און הייסען ניט חתונה האָבען...

# אַ פיינע טאָכטער.



עקלאָגט זיך פאר מיר א געוויסער איד, וואָס האָט שוין אַ האַלב־גראָהע באָרד און וואָס מען רופט איהם חיים טראָמייטער:

— היינטיגע טעכטער זיינען ממש אַ יקרות! זיי קענען אויפעסען דעם רייכסטען טאַטען מיט די ביינער, מיט אלעמען!

ביי זיי פערטאַכלעווען אַ צעהנערעל איז בלאָטע! איין העמ מיט אן אַבגעפּאַרבטע פעדער, איז שוין א צעהנערעל! און ווי איז דער דין, אז זיי מוזען האָבען פינף העמט א יאָהר? האָט איהר שוין א ריינעם פופציגער!

און וואָס איז מכח קליידער, אונטער־קליידער, ווייסע שיך, שווארצע שיך, באַלל־שיך, האַלבע שיך, סליפּערס און פּאַמפּס? און וואו זיינען מענטעלעך, בלוזקעלעך, ראפּערס און קימאָנאָס? און וואו זיינען פאַלשע צעפּ, פאַלשע ציינער, פאַלשע היפּטען, און פּיינט, און פּאודער, און פּאַקעט־בוקס, און רעגען־שירמס, און זו־מער שירמס, און פעכערס, און קעמלעך און קאָרסעטס?

משוגע קען מען ווערען!

ווען איינער האָדעוועט אויס אַ קוה, האָט ער כאָטש פון איהר מילך, סמעטענע, פּוטער, קעז און דאן ערשט פערקויפט ער זי צו א קצב און כאַפּט עטליכע דאָלאַר.

האָדעוועט איינער אויס א פערד, ברענגט איהם דאָס פערד איין געלד — ווארים קוים איז דאָס א פערד, דערלייגט מען שוין ניט צו איהם!

אָבער אז גאָט בענשט א טאַטען מיט אַ טאָכטער, מעג ער זיך באַלד קויפען א שטריק און אויפהענגען.

און דוקא מיך האט גאט געבענשט מיט א טאכטער. צוועלף יאהר נאך דער חתונה איז קיין קינד ניט געווען, און פונקט אויפ'ן דרייצעהנטען יאהר דארף קומען א טאכטער! (ניט אומזיסט זאגט מען, אז דרייצעהן איז א שלים מזל'דיגער נומער).

וואס־זשע פרעגט איהר? האב איך צרות אויפ'ן פוד.

מיין טאכטער איז שוין, א דאנק דעם אויבערשטען, 30 יאהר אלט און האט נאך אלץ קיין חתן ניט. עס געהט איהר ניט!

ליעבט זי א בחור, ליעבט איהר דער בחור ניט; ליעבט דער בחור איהר — ליעבט זי דעם בחור ניט; ליעבען זיי זיך ביידע — בין איך ניט צופריעדען; בין איך און דער חתן און די כלה צופריעדען — איז מיין אידענע דאגעגען; און טאמער זיינען מיר שוין אלע צופריעדען און מען בעשטימט שוין דעם טאג פון דער חתונה, און מען דערלעבט שוין דעם טאג פון דער חופה — קריגט דער חתן א קורצען זכרון, פערגעסט ער דעם אדרעס פון האלל און קומט ניט צו דער חופה...

מיט איין חתן האט געטראפען אן אנדער אומגליק: ער איז דוקא יא געקומען צו דער חופה, אויסגעפוצט אין עסיג און אין האניג; נאר וואס־זשע דען? פונקט דעמאלט ווען די „אונטער־פיהרערס" האבען איהם א נעהם געטהאן אונטער די פאכוועס ווי צוויי זשאנדארען, צו פיהרען צו דער חופה — פונקט דעמאלט האט ער א געשריי געטהאן: שא! איך האב זיך אן עפעס דער־מאנט.

— אז וואס האט איהר זיך דערמאנט? — האבען איהם די „אונטערפיהרערס" געפרעגט.

— איך האב זיך דערמאנט — זאגט ער — אז איך בין שוין א פערהייראטהער... אז איך האב שוין צוויי ווייבער: איינע אין פינטשעוו און א צווייטע אין פילאדעלפיא. און נעהמען א דריטע איז ניט פאר מיינע כוחות; שלעכטע צייטען...

הקיצור, ס'איז ניטא די וואך, דער חודש, דאס יאהר, מען זאל ניט זוכען א נייעם חתן פאר איהר.

אמת, מיין טאכטער איז ניט קיין שעהנע, ניט קיין געראָ־

טענע; אמת, זי איז אַביסעל נארישעוואטע; מען קען זאָגען א בהמה... און דאָס לשון איהרס איז אויך א קאַפּיטשקע געספּאָילט; מען קען זאָגען א זאַאיקעוואטע — טאַ איז וואָס? דערפאַר איז זי האָך א היגע א געבאָרענע, אַן אמעריקאַנער מיידעל און האַט א טאַטען א באָס, אַן עושר.

נאָר געה טענה זיך אוים מיט א וועלט!

פאַלט מיר איין אוועקצושיקען איהר אין א זומער־פּלאַץ. אפשר וועט איהר דאָרט גאָט צושיקען א שטיקעל חתן. און אגב איז זי טאַקע א שוואַכע אויך...

הכלל, האָב איך זי אוועקגעשיקט אין קאַונטרי און גע׳פּטר׳ט אויף איהר אַן אוצר מיט געלד. און וואָס איז דער סוף? — בע! אַט איז דער חשבון פון קאַונטרי, און זאָגט איהר אליין:

א ו י ס ג א ב ע ן:

| | | |
|---|---|---|
| סליידער — — — — — — — — — — — — | 250 | דאָלאַר |
| שיך — — — — — — — — — — — — | 35 | „ |
| העמט — — — — — — — — — — — — | 45 | „ |
| פּיינט און פּאודער, פּערפיום און אַנדערע שאַלעמויזען — — — — — — — — | 25 | „ |
| באָהן טיקעטס — — — — — — — — — | 18 | „ |
| האָטעל — — — — — — — — — — — — | 200 | „ |
| ס״ה — — — | 573 | דאָלאַר |

א י נ נ א ה מ ע:

זיך בעקאַנט מיט א קאָרטען־שפּיעלער, מיט אַן עקטער, מיט אַן אויסגעדיענטען סאָלדאַט, מיט א טאַנץ־פּראָפעסאָר מיט א יונגען חזן, אריינגעכאַפּט 35 ליעבעס־ערקלעהרונגען; 23 גוטע האָפנונגען אויף א פיינעם חתן.

סך הכל: אַן אויסגעבלאָזען איי...

* * *

אַט אַ דאָס איז דער סוף פון אלע סוף'ען!

דארום זאָג איך אויב עס ווערט ביי אייך געבאָרען א מיידעל, מעגט איהר זיך באלד קויפען א שטריק און אויפהענגען. וועט איהר וויסען איינמאָל־פאר־אלע־מאָל, אז איהר לעבט אויף דער וועלט!



# די זעלבע צרה...



עהאט האט ער א מאמען. איז זי אנטלאפען מיט אן אנדער מאן: איז געגאנגען זיין טאטע און איז אוועק מיט אן אנדער פרוי.

איז ער געבליעבען אליין, ווי אויפ'ן וואסער. האט ער ניט געהאט וואו צו נעכטיגען. האט איהם א גוטער מענש ארייגעגעמען צו זיך אין הויז.

איז איהם געווען אומעטיג און טרויעריג אויפ'ן הארצען.

און אזוי ווי ער איז שוין געווען א בחור פון עטלבע און צוואנ־ציג, האט ער גענומען בענקען...

די ערשטע צייט האט ער ניט געוואוסט וואס דאס בענקען מיינט. ער האט זיך געטראכט: דאס הארץ האט ניט וואס צו טהאן, בעטמט עס; וואלט עס געווען מיינע צרות, מיינע זארגען, וואלט עס ניט געבענקט...

אז ער איז נאך עלטער געווארען מיט א יאהר, האט ער אויס־געפונען, אז דאס הארץ זיינס בענקט נאך — ליעבע.

האט ער ניט געוואוסט וואס צו טהאן.

האט ער אזוי לאנג ניט געוואוסט וואו צו טהאן ביז ער האט דערזעהן פאר זיינע אויגען א אידישע צייטונג.

האט ער גענומען די צייטונג אין האנד, נעדרעהט פון אלע זייטען, ביז זיין טריבער בליק איז געפאלען אויף א קליין נאטיצעל, וואס האט זיך געלעזען אזוי:

**פערלאנגט א חתן!**

„א געבילדעטע אידישע מיידעל, וואס איז נאך קיינמאל ניט אויסגעגאנגען מיט א יונגען מאן, ווינשט

צו הייראטהען מיט א פשוט'ען עהרליכען מענשען. ער
דארף זיין הזיך און שטארק און קענען מאכען א לעבען."
דא איז געווען אנגעגעבען דער אדרעס.

האט דער יונגערמאן אוועקגעשריעבען א בריעף, אז ער איז א
הויכער און א שטארקער און אז ער וויל חתונה האבען.

האט ער בעקומען אן ענטפער: האט ער געענטפערט צוריק:
האט זי נאך אמאל געענטפערט: אזוי לאנג, ביז זיי האבען זיך
ביידע בעגעגענט, זיך פערליעבט און — חתונה געהאט.

נאך דער חתונה האט ער אויפגעזוכט א שטיין, אוועק אויף
איסט בראדוויי און אויסגעהאקט די פענסטער אין דער רעדאקציע
פון דער צייטונג, וואס אדוועדטייזט נאך חתנים — — — — — —

מען האט איהם ניט געכאפט. ער איז אנטלאפען „פייל
אוים'ן בויגען".

האט ער זיך אבגעמוטשעט מיט דער „עהרליכער אידישער
טאכטער" א האלב יאהר.

אין די יעקס חדשים האט ער אויסגעפונען, אז זי איז שוין
צוויי מאל געווען פערהייראטה. האט אויך אויסגעפונען, אז זי
שמעהט טאג און נאכט ביים טעלעפאן אין דראג סטאר און מאכט
„אפאינטמענטס" מיט פערשיעדענע יונגע לייט. מיט בענני'ס,
מיט מאקסעס און מיט סעמים.

הקצור, ער האט זיך פון איהר אבגעזונדערט. ער איז צוריק
אוועק צו זיין פריינד און זי — פון וואנען זי איז געקומען...

געהט אוועק א וואך און צוויי און דריי, און ווייעדער נעהמט
"אם הארץ בענקען נאך עטוואס... ס'איז זעהר אומעטיג... ניטא
וואו צו געהן, מיט וועמען צו רעדען, מיט וועמען צו פערברענגען.

האט ער, פונקט ווי אמאל, געכאפט א קוק אין דער זעלבער
צייטונג וואס אדווערטייזט נאך חתנים.

דרעהט ער די צייטונג פון אלע זייטען, ביז ער דערזעהט א
נאטיצעל:

פערלאנגט א חתן!

„א געבילדעטע אידישע מיידעל, וואס איז קיינמאל

ניט אויסגעגאנגען מיט קיין יונגענמאן, ווינשט צו הייראטען מיט א פשוט'ען עהרליכען מענשען. ער דארף זיין הויך און שטארק און קענען מאכען א לעבען.

זיך צו מעלדען שריפטליך באקס אפיס 10 „דער בלייענער פויגעל".

פאלט איהם איין, אז דאס מוז זיין זיין אייגענע ווייבעל...

בעט ער ביי א פריינד אנצושרייבען פאר איהם א בריעף. קריעגט ער באלד אן ענטפער. זעהט ער, אז ס'איז ניט איהר האנדשריפט. טראכט ער: אפשר איז זי אויך געפאלען אויפ'ן זעלבען געדאנק וואס ער? אפשר האט אן אנדערער געשריעבען דעם בריעף פאר איהר?

און ער ענטפערט איהר, אז ער וועט איהר ערווארטען אין בראנקס פארק, ניט ווייט פון די מאנקים...

ענטפערט זי איהם: אללריים, צופריעדען. און זי שרייבט איהם אויך סמנים ווי אזוי ער זאל איהר דערקענען: „איך וועל טראגען א טונקעל רויטע דרעס מיט שווארצע מאשמעס געטרימט. גרויע שיך און א פלאש העט אהן פעדערן, אין האנד וועל איך האלטען א ביכעל..."

האט ער אנגעגעבען זיינע סמנים: „איך וועל טראגען א בלויען סוט, ברוינע שיך, א טונקעל גריינעם העט און א שטעקעלע אין האנד. איך וועל זיין מארגען צעהן א זייגער פארמיטאג אויפ'ן פלאץ"... — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מארגען צעהן א זייגער אין דער פריה האבען זיך לעבען די מאנקים בעגעגענט —

מאן און ווייב...

ער האט דערלאנגט א געשריי: א ס ת ר! און זי האט א קוויטש געטהאן: א י צ י ק! — — — — — — — — — — — —

אויף מארגען איז אין דעם „בלייערנעם פויגעל" געשטאנען א שטיקעל נייעס, אז נעכטען האט ווידער אימיצער אויסגעהאקט די שויבען אין זייער רעדאקציע...

# איך זאָג גאָר ניט...



זאַ פרוי ווי איך האָב, איז גוט פאַר אַ סינגעלמאַן, ניט פאַר אַ פערהייראַטען. אַ פערהייראַטער מאַן דאַרף זיין אַדער אַן אַלמן, אַדער אַ גע'גט'ער.

ווארום, קוים זייט איהר אַ פערהייראַטער, זייט איהר שוין אין דר'ערד ווי אַ באַרג: האָט איהר שוין מעהר ניט קיין פרייהייט צו טהאָן וואָס אייער האַרץ גלוסט.

איינמאָל האָט מיך מיין פרוי געוואָלט שלאָגען. בין איך אַרונטערגעקראָכען אונטער'ן בעט. האָט זי מיר גענומען סטראַשען מיט'ן בעזים, איך זאָל אַרויסקריכען. האָב איך איהר געענטפערט, אַז איך בין דער בעל הבית אין הויז און איך האָב אַ רעכט צו ליגען וואו איך וויל. און קיינער קען מיר קיין דעה ניט זאָגען...

מיינע טענות האָבען ניט געהאָלפען. איך האָב געמוזט אַרויסקריכען. אפילו אַזאַ פערגעניגען פערגינען זיי אויך ניט, די ווייבער!

היינט האָט זי אַ מויל, אַז דער אויבערשער זאָל אָפּהיטען! הערט, אדרבה, וואָס זי זאָגט וועגען מיר: זי זאָגט אַז איך בין אַ בהמה, אַ קליינער פערדיענער, אַ קראַנקער, אַ מיאוס'ער, ניט פון קיין לייטישער משפחה, אַז איך קען ניט שרייבען, ניט לעזען, ניט ריידען מיט אַ מענשען, אַז איך בין ניט ווערטה צו זיין איהר מאַן — מחמת זי איז אַ שעהנע, אַ יונגע, אַ געבילדעטע און פון אַ פיינער משפחה. איהר פאָטער, זאָגט זי, איז געווען אַן אונטער־שמש אין אַ שוסטערשע שוהל, און איהר מאַמע האָט, ביז צו דער חתונה, געדיענט ביים רבי'ן פון שטעדטעל, און איז געווען בעקאַנט כמעט מיט יעדען חסיד... איהר זיידע האָט געהאַנדעלט מיט פערד און איהר עלטער־זיידע מיט אָקסען.

אַ חוץ דעם, זאָגט זי, וואָלט זי וועלען פֿון מיר פּטור ווערען און חתונה האָבען פֿאַר'ן הויז־קיפּער. (דער הויז־קיפּער איז אַן אַלמן אַהן קינדער).

ווייטער זאָגט זי, אַז איהר פֿערדריסט זעהר, וואָס זי האָט מיט מיר געהאַט פֿיער קינדער. זי האָט בעסער, זאָגט זי געקענט האָבען די זעלבע פֿיער קינדער מיט אַן אַנדער מאַן.

דאַן זאָגט זי, אַז אויב איך וועל אַליין ניט פֿערלאָזען דאָס הויז, וועט זי מיך צרויסטרייבען און מיר נאָכוואַרפֿען מיינע זאַכען.

ווייטער זאָגט זי, אַז אויב איך וועל איהר ניט קויפֿען קיין פֿלאַשענעם מאַנטעל, און פּעטען־לעדערנע שיך, און אַ פּאַר־סעט, און אַ דיימאַנד־רינגעל, און אַ בראַסלעט, און אַ וואַטש־און־טשיין און אַריינגעהמען אין הויז אַ דיענסטמיידעל און שיקען איהר יעדען זומער אין די „קעצקעלס" — וועט זי מיר פֿערלאָזען.

ווייטער זאָגט זי, אַז אויב מיין מאַמע וועט זיך אונטערשטעהן אַריינקומען אין איהר הויז, וועט זי איהר אָבגיסען מיט הייסע וואַסער אָדער אונטערהאַקען ביידע פֿיס.

ווייטער זאָגט זי, אַז עס פֿערדריסט איהר, וואָס אַלע פֿיער קינדער זיינען אַריינגעראָטען אין מיר.

ווייטער זאָגט זי, — — — — — — — — — — — — — —

שלאָג איך איהם איבער די רייד:

— דאָס אַלעס זאָגט זי דאָך, אָבער וואָס זאָגסטו?

— איך... איך — נעהמט ער שטאַמלען — זאָג גאָר ניט... איך קען גאָר ניט זאָגען... זי לאָזט מיך גאָר ניט זאָגען... דעם גאַנצען טאָג און די גאַנצע נאַכט פֿערמאַכט זיך ביי איהר ניט דאָס מויל... מיר לאָזט זי אַפֿילו ניט אַ פּיפּס טהאָן... אַ מויל עפֿענען... זי זאָגט, אַז ווען זי וועט פֿאַרטיג ווערען, וועל איך קענען ריידען. נור אַזוי ווי זי ווערט קיין מאָל ניט פֿאַרטיג, שוויי איך... זאָג איך גאָר ניט... אַלץ וואָס איהר הערט, זאָגט זי... נור זי...



# ליעבע...



יך בין געזעסען און געשריבען אן אבהאנדלונג וועגען ליעבע.

האב בעוויעזען, אז ל י ע ב ע איז א הייליגער טרוים, וואס גאט האט אויסגעטרוימט בשעת ער איז געווען אין א געהויבענער שטימונג...

האב בעוויעזען, אז דאס העכסטע גליק פון א בחור איז צו ליעבען א בלאנדע מיידעל און אויב ער האט ניט קיין בלאנדע ליעבט ער א ברונעטקע אויך (א בחור איז אין אזעלכע זאך ניט קיין אויס־קלייבער).

האב איך בעוויזען, אז די ליעבע האלט אויף דעם לעבען פון דער וועלט. ווען נים די ל י ע ב ע, וואלט ניט געווען ו ו ע ר עס זאל זיך ליעבען. מחמת די מענשען וואס ליעבען זיך שטאמען אליין אפ פון פערליעבטע פארלאך.

האב אויך בעוויעזען, אז בלומען, ווינטען, פייגעל, ימים ווייסען אויך פון ליעבע: ווען א ביהן זויגט אויס פון א בלום איהר דופט, איהר האניג, גראבט זיך אריין מיט'ן פיסקעל אין איהר הערצעל — ווערט דאס געטהאן אויס ליעבע.

טאנצט ארויף א פייערדיגער זונען־שטראהל אויף א שויב, און די שויב צינדט זיך אן מיט א רויטען שיין, איז דאס דער גלאנץ פון ליעבע...

טאנצט צו א כוואליע פון ים צום ברעג און קושט און גלעט און שפיעלט זיך מיט'ן ווייסען זאמד, איז דאס א סימן פון ליעבע... זיצען צוויי פייגעל א „זי" מיט אן „ער" אויף א קוסט פון רויזען און דער „ער" זינגט און די „זי" טאנצט אנקעגען דעם „ער" און

פלאטערט מיט די פליגעל און פישצעט — איז דאס א ליעבעס־ערקלעהרונג...

האב אפילו בעוויעזען, אז צו דער ליעבע דארף מען קיין געלד נים האבען... געלד דארף מען בלויז האבען ווען מען געהט זיך גט'ען...

האב אויך בעוויעזען, אז דאס וואס איך שרייב אזא ארטיקעל, ווערט דאס אויך געטהאן אוים ליעבע צו מיין ווייב און קינדער...

איך האב געזונגען צו דער ליעבע די שעהנסטע געזאנגען. און אין איין פלאץ האב איך ווענען דער ליעבע דערצעהלט א קליין מעשה'לע. אויסגעטראכט פון מיין אייגענעם קאפ. איך האב דערצעהלט, אז אמאל האט א מלאך פון הימעל ארונטערגע־קוקט אויף דער ערד, האט ער דערזעהן א שעהן מיידעל. איז ער אזוי ענטציקט געווארען, אז ער האט צונערופען דעם רבונו של עולם, זאל אויך כאפען א קוק אויף דער מיידעל. איז דער רבונו של עולם אויך ענטציקט געווארען פון דער מיידעל. דאן האט זיך דער רבונו של עולם צוכליפעט אויפ'ן קול... האט איהם דער מלאך געפרעגט:

— גאטעניו, וואס וויינסטו?

— איך וויין וואס איך בין אזוי ווייט פון דער ערד. ווען איך זאל זיין אויף דער ערד, וואלט איך זיך זיך פערליעבט אין דער מיידעל...

— איך אויך! — האט דער מלאך געענטפערט — און זיך אויסגעווישט א ריינע טרעהר מיט א ברעג פון פליגעל...

האט גאט געזעהן, אז דער מלאך וויינט אויך, האט ער זיך נאך שטארקער צוואויינט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שפעטער האט דאס דאזיגע מיידעל חתונה געהאט פאר א פרע־סער, און ווערליג איך האב געהערט, האט זי שוין א בייבי אויך...



## יא חרטה און ניט חרטה.



יז ער געוועזן א בחור, האט ער געטראכט: א בחור איז עלענד, א בחור האט קיין ווערטה ניט, א בחור איז א נול. מע דארף חתונה האבען. אז מען איז פערהייראטה האט מען א היים, עסט מען ביי אן אייגען טיש, שלאפט מען אויף אן אייגענעם גע־לעגער, איז מען א בעל הבית, האט מען א פריינד. הכלל, מע'דארף חתונה האבען.

האט ער חתונה געהאט.

— וואס איז? — פרעגט מען איהם.

— גאר ניט, וואס זאל זיין? עס איז ביטער צו זיין א פער־הייראטער! וויפיעל מען פערדיענט איז וועניג, חאטש בע'גנב'ע א קלויסטער. און דאס ווייבעל געהט ארום א פערקרימטע. האט א פנים חרטה אויפ'ן שידוך... די בעסטע זאך איז צו זיין א בחור. א בחור איז א פרייער פויגעל! וואו ער וויל געהט ער, וואו ער וויל פאהרט ער, וואו ער וויל עסט ער —

מען מוז זיך גט'ען!

ער גט זיך.

ווערט ער צוריק א באַרדער. ליעגט ער ביינאכט אויפ'ן גע־לעגער און קען ניט שלאפען. א באַרדער, טראכט ער, האט גאר ניט געדארפט געבוירען ווערען. דער מיסטער מיט מיסעס ליגען אויף א ווייסע בעט מיט ווייסע קישענס און ער? ער ליעגט איז א קליין חדר'ל אויף אן אייזערן בעטעל וואס האט אין זיך מעהר לעבען ווי גאנץ ניו יארק מיט בראנזוויל צוזאמען. נאר עס בייסט... ניט קיין היים, ניט קיין פריינד. יא, מען מוז ווידער חתונה האבען.

האט ער ווידער חתונה.

א חודש נאך דער חתונה, מיין חברה־מאן איז געל ווי וואקס...

— וואס איז דיר?

— גאר ניט. איך בין ארייננעפאלען. נאר זי שרייט, נאר זי שעלט, נאר זי האט אין זינען סטיילס, נאר זי בענקט נאך איהר ערשטען חתן... גיט ניט קיין עסען, לאזט מיך ניט אריין אין הויז, איך געה ארום צוויי וואכען אין איין העמד, איהר מאמע דערגעהט מיר די יאהרען, איהר עלטער שוועסטער קריכט מיר אריין אין די גערערים, איהר שוואגער לייהט ביי מיר יעדען טאג א האלבען דאלאר — שלעכט. מען מוז זיך גט'ען... א בחור איז א פרייער פויגעל, וואו ער וויל געהט ער, וואו ער וויל שלאפט ער, האט קיין דאגות ניט —

האט ער זיך ווידער גע'גט.

ווערט ער קראנק. ליעגט ער געבעך אליין ביי א מיסעס אויף אן אייזערנעם בעטעל און זיפצט:

— אלע מיינע שונאים זאלען זיין סינגעל לייט! א סינגעל־מאן איז ווי א הונד. ניט קיין חיים, ניט קיין פריינד, ס'איז דאך בעסער, אז מען איז פערהייראטה!

האט ער ווידער חתונה געהאט און האט ווידער חרטה!...



# פערשלעפט אין בראנזוויל.



עקס א זייגער פארנאכט.

א קורץ אידעל מיט א באיטשיקעלביים האנד לויפט צו צום טיקעט־אפיס פון דילענסי סטריט סאבוויי.

— גיט מיר א טיקעט! — שרייט אויס דאס אידעל — האררי אפ! גיט מיר א טיקעט.

— וואס פאר א טיקעט? — פרעגט מען איהם.

— איז ראקאוויי ביעטש! ענטפערט דאס אידעל.

ער קריגט א טיקעט און שטעלט זיך ווארטען אויף א טריין וואס געהט אין ראקאוויי.

פון אלע זייטען שטראמען מענשען. עס ווערט געדיכטער און געדיכטער.

עס קומט אן א טריין. דער קאנדוקטאר שרייט אויס: „עקס־פרעס פאר בראנזוויל!“.

די מענשען־וואנד טהוט זיך א ריהר, וויל זיך דערנעהענטע־רען צו די טהירלעך; עס ווערט א מלחמה; מען ארבייט מיט פויסטען, מיט עלענבויגענס, מען טרעט אויף הינער אויגען, מען האקט אונטער זייטען, מען ליידיגט אויס קעשענעס; עס ווערען נעלם גאלדענע זייגערלעך; ווייבער ווערען געדרושעט; מיידלעך ווערען צוזאמענגעפרעסט; די קאמפאניע באפט קללות; מען פילדערט, מען שרייט; מען קעמפפט אויף לעבען און טוידט!

דער מענשען־שטראם רייסט זיך מיט א מורא׳דיגען אימ־פעט: ווער עס שטעהט אין וועג ווערט מיטגעריסען.

אונזער אידעל מיט׳ן באיטשיקעל ביים האנד וויל זיך ארויס־

פלאָנטערען פון דעם געדיכטען מענשען־קנויל און קען ניט. ער ווערט מיטגעשלעפּט.

שרייט דאָס אידעל מיט קולות:

— גזלנים! לאָזט מיך אָפּ! וואָס שלעפּט איהר מיך עפּעס אריין אין דער בראָנזווילער טריין? וואָס טויג מיר בראָנזוויל? אז איך פאָהר גאָר אין ראָקאַוויי, אַט האָב איך אַ טיקעט אין ראָקאַוויי!

— נעווער מיין ראָקאַוויי! — שרייען די אידען וואָס שטופּען איהם — איהר האָט נאָך צייט צו פאָהרען אין ראָקאַוויי.

— איך האָב דאָך שוין אָבער אַ טיקעט! — שרייט דאָס אידעל.

— נעווער מיין, אייער טיקעט! איהר'ט קריגען אן אנדער טיקעט; פאַראַן גענוג טיקעטס ביי דער קאָמפּאַניע!

— מיין אידענע וואַרט דאָרט אויף מיר! — געוואָלדעוועט ווידער דאָס אידעל.

— נעווער מיין אייער אידענע! — שרייען ווידער די לצים הינטער איהם — איהר'ט קריגען אן אנדער אידענע, אַ שעהנערע; פאַראַן גענוג אידענעס אין אמעריקאַ.

— אָבער — רעוועט ווידער דאָס אידעל — וואָס טויג מיר בראָנזוויל? אז איך האָב דאָרט קיינעם ניט!

— נעווער מיין! איהר'ט זיך שוין בעקענען; פאַראַן גענוג מענשען אין בראָנזוויל. איהר'ט ניט פערפאַלען ווערען; בראָנזוויל איז נאָך עני־טאַים אזוי גוט ווי ראָקאַוויי!

— העי! — ווערט שוין דער אידעל אין כעס — שטופּט זיך ניט אזוי! וואָס פאַר אַ שטופּעניש אויף אייערע קעפּ? ממזרים! אינדיאַנער! איהר'ט דאָך מיר דערשטיקען דעם באַיטשיק.

— נעווער מיין אייער באַיטשיק! — איהר'ט קריגען אן אנ־דער באַיטשיק! אַ גרעסערען פון דעם; פאַראַן גענוג באַיטשי־קעס אין אמעריקאַ!

און דער מענשען־שטראָם רוישט און ברויזט און רייסט זיך מיט געוואַלד אריין אין טריין, מיטשלעפּענדיג מיט זיך דאָס אי־דעל מיט'ן באַיטשיקעל קיין בראָנזוויל.

# אַ קאַרגער אַלרייטניק.



מך דורע איז צוואַנציג יאָהר צייט געווען אַ שמאַטע קלייבער. אויפגעקויפט אַלטע שיך, אַלטע קליי־דער, אַלטע קאַלאָשען.

און פון די שמאַטעס האָט ער געשפאָרט געלד. אַז ער האָט געהאַט אָבגעשפאָרט זיינע צוויי טויזענד דאָלאַר, האָט ער זיך געקויפט אַ סוט פאַר ניין דאָלאַר, אַ העמד, אַ קאָלנער, שיך, אַ הוטעל, זיך אויס־געפוצט, אַוועק צו אַ שדכן און זיך געהייסען בעזאָרגען אַ כלה.

„איך בין שוין ניט קיין באָיטשיקעל", האָט למך דורע געזאָגט, „איך בין שוין אַ פערציגער, און ס'איז שוין צייט ווערען אַ בעל־הבית פאַר זיך".

האָט איהם דער שדכן אריינגעדרעהט אַ מיידעל מיט אַ הויקער, אַ האַלב־טויבע, אַ אידיאָטקע, מיט וואַסערדיגע אויגען, נור מיט דריי טויזענד דאָלאַר קעש.

אַז „אַלרייטניק'ס" אַ טאָכטער.

איז געווען אַ חתונה מיט אויטאָמאָבילס, מיט בלומען, מיט מוזיק און שעהנע מתנות.

נאָך דער חתונה האָט זיך למך אריינגעלאָזט אין ריעל־עסטייט, געוואָרען אַ שותף צו זיין שווער, אוןביידע צוזאַמען האָבען גע־קויפט הייזער, געריסען שטיקער פון קבצנים, „גערייזט" אַלע פאַר חדשים רענט, און אַט אַזוי האָבען זיי זיך ארויפגעארבייט.

למך האָט זיך ניט פערגונען צו לעבען אויף דער וועלט. וואָס אַ טאָג איז ער געוואָרען קאַרגער. געלעבט האָט ער ווי אַ רעגעלער שנאָרער. קיין דיענסט־מיידעל אין הויז האָט ער ניט געוואָלט אריינעמען: קיין אַטאָמאָביל האָט ער אויך ניט געהאַט: קיין קינדער אויך ניט.

דאָס אַפּפאל פון'ם דינער פלעגט ער עסען אויף סאַפּער.

„אַ מענש“ — האָט ער גע'טענה'ט — „דאַרף שפּאָרען און פון אַלעם מאַכען געלד. אויף געלד שטעהט די וועלט. פאַר געלד קען מען אַלעם קריגען, אפילו כבוד“.

און למך האָט געמאַכט זיין קארגקייט פאַר אַן אידעאַל, פאַר אַ פּרינציפּ...

געהן אין אַ טהעאַטער פלעגט הייסען ביי איהם אַ גרויסער לוקסוס. „בלויז אַן אויסבערענגער געהט אין טהעאַטער“ — פלעגט ער זאָגען. זיין פרוי, די מאַדאַם דורע, האָט אויסגעזעהן ווי אַן אמת'ע יענטע, אַ שלומפּערקע, אַהן אַ שטיקעל דזשולערי, נעבאך.

אַט אַזוי האָט למך געלעבט אין געקאַרגט און געשפּאָרט אַ דאָלאַר צו אַ דאָלאַר, געוואָרען רייך ווי קורח. מען האָט איהם שוין געשאַצט אין הונדערט טויזענד דאָלאַר.

אויף איין מאָל האָט זיך למך דורע אוועקגעלעגט אין בעט און אָנגעהויבען קרענקען. האָט ער געקרענקט און זיך געמוטשעט, אַז ס'איז געווען אַ צער בעל־החיים.

האָט מען געוואָלט רופען אַ דאָקטאָר, האָט ער ניט געלאָזען. „אַ דאָקטאָר קאָסט געלד“.

דער סוף איז געווען, אַז למך האָט בעקומען איינגעפאַלענע באַקען, שוואַרצע ר'עדער אַרום די אויגען און אַ שוואַך האַרץ — —

ווען ער האָט דערפיהלט, אַז עס נעהמט אַ סוף צו זיינע טעג, אַז ער שטעהט שוין מיט אַנדערהאַלבען פיס אויף י ע נ ע ר וועלט, האָט ער צונערופען זיין פרוי און זיין שווער צום בעט און אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל איהם ניט אוועקגעבען אַליין אַ גאַנצען קבר. עס קאָסט צופיעל געלד!... אויב מעגליך, זאָל מען איהם בעגראָבען צוזאַמען מיט נאָך אַן אַלרייטניק, וועט אויסקומען ביי־ליגער...

אין אַ שעה אַרום איז ער געשטאָרבען — — — — — — — — — —

שלאָף אין פריעדען, טהייערע נשמה!... האָסט געלעבט ווי אַ מענש און געשטאָרבען ווי אַ מענש...

## געפאטשט א נגיד.



יך בין געווען אין א שוהל, האב איך געזעהן ווי איין איד האט דערלאנגט פעטש א צווייטען אידען.

האב איך געפרעגט: ווער איז דאס אזוינס דער איד, וואס פאטשט און ווער איז דער איד וואס כאפט די פעטש?

האט מיר אן אפגעריסענער איד מיט א טוידט פנים גענענט־פערט: דער וואס פאטשט, איז א איד אן עושר, און דער וואס כאפט די פעטש, איז דער שמש פון שוהל, א איד אן אביון.

פרעג איך ווייטער: פארוואס פאטשט ער עפעס דעם שמש?

— ווייל... ווייל... ער איז דער עושר און דער שמש איז דער ארימאן. און ווי עס פיהרט זיך, כאפט דער קבצן תמיד פעטש פון דעם גביר... עס איז שוין אזא וועלט...

— ווי רופט מען דעם שמש?

— מען רופט איהם משה בער.

— און דעם נגיד?

— דעם נגיד רופט מען ר' שמחה.

— וויפעל א שטייגער ווערט געשאצט דער דאזיגער ר' שמחה?

— אין א צוויי מאל הונדערט טויזענד.

— וואס איז זיין טהועכץ?

— איצט טהוט ער גאר נים. נאר א מאל, מיט עטליכע יאהר צוריק, האט ער געהאט א באנק־געשעפט, ארימע ארבייטער האבען אריינגעטראגען צו איהם זייערע לעצטע עטליכע גראשען. ער זאל דאס פאר זיי היטען... האט ער דאס אזוי לאנג געהיט און געהיט, ביז עס האט זיך אנגעקליבען א היבשע סומע, דאן...

דאַן... האָט ער באַנקראָטירט... אויף אַמעריקאַניש לשון הייסט דאָס: אַנגעפּייפּט — — —

— האָט מען איהם גאָר ניט געטהאָן דערפאַר?

— כמעט גאָר ניט... ער האָט געלאָזט וויסען, אַז ער וויל זיך פערגלייכען מיט די דעפּאָזיטאָרס, מיט די קבצנים הייסט דאָס, ער וועט זיי פאַר יעדען דאָלאַר געבען 15 סענט... אויב איינער האָט ביי איהם, לאָמיר זאָגען, הונדערט דאָלאַר, וועט ער איהם פאַר די הונדערט דאָלאַר געבען 15 דאָלאַר, און דאָס ערשט אין ד ר י י מאָל. אָט אַזוי האָט דער דאָזיגער ר' שמחה געמאַכט צוויי מאָל הונדערט טויזענד.

געה איך צו צום געשלאָגענעם שמש און פרעג איהם, למאי ר' שמחה האָט איהם געשלאָגען. ענטפערט מיר דער שמש: ווייל דער גבאי האָט איהם געהייסען געבען „שישי", האָב איך געזאָגט, אַז אַזאַ שווינדלער, אַזאַ רויבער וואָס האָט בעראַבעוועט אַ וועלט מיט אָרימע לייט, אַ וועלט מיט יתומים און אלמנות, טאָר ניט קריגען די ב ע ס ט ע עליה; אַזאַ גנב טאָר מען אין גאַנצען ניט אַריינלאָזען אין אַ שוהל... אָט אַזוי האָב איך געזאָגט. האָט דאָס דער גבאי (ער איז ר' שמחה'ס אַ שוואָגער) דערצעהלט ר' שמחה'ן און דערפאַר האָט ער מיך געשלאָגען.

— פאַר וואָס האָבען זיך די שוהל־אידען ניט אָנגענומען פאַר אייך?

— ווייל די שוהל־אידען האָבען מורא פאַר איהם. ער איז אַ פּאָליטישען וואָס חבר'ט זיך מיט „לינקע" חברה...

— איז שוין גאָר ניטאָ קיין שטראָף פאַר איהם?

— ניין...

ווי וואָלט געווען, זאָג איך, אַז איך זאָל איהם דערלאַנגען אַ פּאָר פּעטש?

— דאָס איז אוממעגליך! סיידען... איהר זייט נאָך רייכער פון איהם...

— וואָס מיינט איהר?

— דאָ, פערשטעהט איהר מיך, איז אַ „רול", אַז דער עושר

פּאַטשט דעם אביון אָבער אום צו פּאַטשען אַן עושר,, מוז מען אַליין זיין אַ גרעסערער עושר...

— עט! — זאָג איך — דאָס איז איינגערעדטע זאַכען! איך וועל אייך ווייזען אַ קונץ, אַז מען קען ברעכען די „רול“...

— הלואי! איך וואָלט ניט געהאַט דאַגעגען...

דאַ איז אונטערגעקומען דער גבאי, אַן אויסגעפּאַשעטער איד מיט גראָבע ליפּען און מיר געהייסען פערמאַכען דאָס מויל. אַז ניט, וועט ער מיך הייסען ארויסוואַרפען.

— מיך וואַרפט מען ניט! — האָב איך געענטפערט קורץ.

— איהר'ט באַלד זעהן!

האָב איך קיין סך ניט געטראַכט, און — פערפאַהרען דעם גבאי אין די צייהנער! — — —

איז געוואָרען אַ בהלה!

איז צוגעשפּרונגען דער גביר, ר' שמחה דער אַנזעצער, און זיך געוואָלט אַננעהמען פאַר זיין שוואָגער, דעם גבאי. האָב איך אריינגעשפּיגען אין מיין רעכטער האַנד און דעם דאַזיגען ר' שמחה'ן אויך אריינגעשאָטען עטליכע פּעטש. אָבער פּעטש, אַז פונקען זיינען געפלויגען! און דערביי האָב איך אויסגערופען מיט כעס:

— איין פּאַטש האָב איך דערלאַנגט פאַר די אָרימע אלמנות און יתומים; אַ צווייטען — פאַר די ארבייטער; דעם דריטען — פאַר דעם שמש; און די איבריגע — גלאַט אזוי... איך האָב גע־וואָלט בעווייזען, אַז צו פּאַטשען אַ נגיד דאַרף מען אַליין ניט זיין קיין גרעסערער נגיד... דער עיקר איז נאָר, אויב דער נגיד פער־דיענט די פּעטש — — — — — —

פאַר גרויס פרייד האָט זיך דער אָרימער שמש אוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ...



# פרומע אידען...



ריי קאזינס האב איך: איינער איז א בוטשער, א צווייטער א גראסערי מאן און דער דריטער האלט א פליישיגען רעסטאראנט.

אלס גרינער בין איך געווען ביי אלע דריי: ביי יעדען א טאג געגעסען און א נאכט געשלאפען.

שלאפענדיג ביים בוטשער, האב איך איינמאל א פארטאג אונ־טערגעהערט אזא מין געשפרעך צווישען איהם און זיין זוהן:

— בעני, נעהם דאס זייטעל פלייש און גיס עס אפ מיט היי־סע וואסער. מאך עס אויסקוקען פרישער און ווארימער. זאלען די ווייבער מיינען, אז די בהמה איז ערשט געשאכטען געווארען... בעני, דו ווייסט וויפיעל דאס פלייש קאסט מיר? עלף סענט א פונט. טרפה פלייש. נאר ווייבער זיינען נאראנים, אז זיי זעהען אויפ'ן ווינדע א סיין פון הרב בערעלסאן, מיינען זיי ס'איז אל־רייט; צאהלען זיי שוין דערוויל אכט און דרייסיג סענט א פונט מיט די ביינער.

אין עטליכע מינוט ארום הערט זיך בעני'ס שטימע:

— טאטע, שוין פערטיג. שוין אבגעגאסען דאס פלייש.

— גוט, בעני! איצטער נעהם די תפילין און שטעל זיך דאוונען טאקע אין סטאר. זאלען די ווייבער זעהן, אז זיי האבען דא צו טהאן מיט א פרומען, כשר'ען בוטשער...

* * *

דעם פאלגענדען געשפרעך האב איך געהערט ביים קאזין דעם רעסטאראנט־קיפער:

— חייקע! — טהוט דער קאזין א זאג צו דער קעכין — ער־

שטענס, לאזט מיר אייך געבען א קוש. אט אזוי. איצטער זייט אזוי גוט און גיסט צוזאמען אלע נעכטיגע, פערבליבענע זופען פון די טעלער אין א גרויסען טאפּ, שיט אריין אביסעל פעפער, שניידט אריין עטליכע מערעלעך, פעטרישקע און מיר וועלען היינט האבען א פ ר י ש ע זופּ צו דינער. דאן זאלט איהר נעהמען אלע אבגערייזשעטע שטיקלאך צוקער און צומאלען. וועלען מיר היינט האבען צו טהעע צומאלענע צוקער; דאן נעהמט צוזאמען פון אלע טעלער די פערבליבענע קארטאפעל און צורייבט זיי, גיט אריין ברוינע ציבעלעס, און מיר וועלען היינט האבען פיינע קאר־טאפעל־קנישעס. דער עולם וועט זיך בעלעקען! איצטער נעהמט צוזאמען אלע שטיקלאך פערבליבענע פלייש און צומאלט דאס דין, גיט אריין צוריבענע חלה און מאכט האמבורגער סטייק...

— איהר האט פערשטאנען? — פרעגט דער קאזין מיט א ממזריש שמייכעלע.

— פערשטאנען! — ענטפערט די קעכין.

— טא קומט אהער און לאמיר אייך געבען נאך א קוש. אט אזוי...

— איצטער זייט אזוי גוט און דערלאנגט מיר דעם טלית און תפילין און לאמיר א לויף טהאן דאווענען...

* * *

און אט וואס איך האב געהערט ביים גראסערי מאן:

— חיים — זאגט ער צו זיין זוהן — שוין אריינגעמישט די ווייסע זאמד אין די צוקער?

— שוין אריינגעמישט — ענטפערט חיים.

— שוין אריינגעגאסען וואסער אין די מילך?

— שוין אריינגעגאסען — ענטפערט חיים.

— וויפיעל? — פרעגט דער פעטער.

— ניין קווארט.

— ווייניג! — שרייט דער פעטער — גיס אריין נאך דריי וועט זיין פונקט צוועלף.

— שוין אריינגעגאסען! — ענטפערט חיים.

— איצטער — זאָגט דער פעטער — קנעט אַריין אין די פוטער דעם דאָזיגען געמיש...

— דאָס איז דאָך חזיר־שמאַלץ — זאָגט חיים.

— איך ווייס — ענטפערט דער קאַזין — נעהם און קנעט דאָס אַריין אין טאָפּ פוטער.

— מיט וואָס זאָל איך דאָס אַריינקנעטען?

— וואָס הייסט מיט וואָס? מיט די הענד!

אין צעהן מינוטען אַרום:

— פאַ!

— וואָס איז?

— שוין אַריינגעקנאַטען.

— איצטער — זאָגט דער קאַזין — נעהם אָט יענע מאַכעריי, וואָס ליגט אין דער בלעכענער באַקסעל און מיש דאָס אויס מיט אַביסעל צומאַלענעם צוקער און מיש דאָס נאָכהער צוזאַמען מיט די קעז.

אין פינף מינוט אַרום:

— פאַ!

— וואָס איז?

— מיט וואָס זאָל איך דאָס אויסמישען?

— וואָס הייסט מיט וואָס? מיט די הענד.

— מיט די בלויזע הענד?

— יעס, — ענטפערט דער פעטער.

אין פינף מינוט אַרום:

— פאַ!

— וואָס איז, חיים?

— שוין אויסגעמישט!

— גוט — ענטפערט דער פעטער — איצטער, חיים, לויף צו אין שוהל און דאַווען אָפּ און קום באַלד צוגעהן אויסטראָגען די אָרדערס. האַריאַפּ!

# פויל צו זיין פויל...



ר איז געווען פויל. אָבער פויל וואָס פויל הייסט. האָט ער געוואָלט געניצען, האָט ער ניט געגענעצט. ער איז געווען פויל דאָס מויל צו עפּענען; האָט ער געדאַרפט שלאָפען, האָט ער ניט געשלאָפען, ער איז געווען פויל צו פערמאַכען די אויגען...

פון ארבייטען איז אָפּגערעדט. ווי קומט א פוילער מענש צי ארבייטען?

זיין טאַטע פלעגט זאָגען: „מיין זלמן איז אזוי פויל, אז ער איז אפילו פויל צו זיין פויל“.

צו פערדאַנקען די צ י י ט איז זלמן אַלט געוואָרען פינף און צוואַנציג יאָהר. ווען ס'וואָלט זיך געווענדעט אַן איהם, וואָלט ער זיך געפוילט אַלט צו ווערען...

איז געגאַנגען זיין פאַטער, א פ ר א ס ט ע ר איד און א פ י י נ ע ר אָרימאַן, און אָט גערעדט מיט א שדכן, דער שדכן זאָל רעדען מיט מעשעל דעם שניידער, אז ער, מעשעל דער שניידער, זאָל זיך מיט איהם משדך זיין. אזוי ווי ער, מעשעל, האָט א טאָכטער, און ער האָט א זוהן, זאָלען זיי ווערען מחותנים.

האָט דער שדכן גערעדט מיט מעשלען, און מעשעל האָט גערעדט מיט די מעשעליכע, און זיי ביידע מיט זייער טאָכטער, א מיידעל מיט א בערדיל, נור זעהר א געראָטענע, א בריה.

האָט דאָס מיידעל געענטפערט: „יא“. איז געוואָרען א תנאים, און ביי די תנאים האָט מען אָפּגעלייגט די חתונה.

דאָ ווילט זיך בעמערקען: ווען מען האָט ביי די תנאים געפרעגט דעם חתן:

— זלמן, ביזטו צופריעדען מיט דער כלה? גלייכסט איהר?

האט ער זיך געפוילט צו ענטפערען: ער האט בלויז א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף יא.

נאך די תנאים זאגט צו איהם זייגער א חבר:

— זלמן, פאר וואס גיסטו ניט א קוש דיין כלה?

האט זלמן ניט געענטפערט. מען האט געזעהן, אז ער איז פויל צו ענטפערען.

א פאר וואכען פאר דער חתונה האט מעשעל דער שניידער מיט די מעשעליכע גענומען דריי חדרים פאר דעם יונגען פאלק. און גענומען האט מען אויך אלץ, וואס א הויז דארף האבען: א בעט, א טיש, בענקליך, א שפיגעל, א סאפא, א נעע־מאשין, אפילו א וויקטראלא. און גענומען האט מען דאס אלעס אויף זלמן'ס נא־מען. נאך דער חתונה וועט ער דארפען אויסצאהלען...

דאן האט מען געפראוועט די חתונה. די חתונה איז געווען פריוואט.

צו דער חופה האט זלמן ניט געוואלט געהן. ער איז פשוט געווען פויל...

האט מען איהם געשלעפט מיט געוואלד.

ווען ער האט געדארפט מקדש זיין די כלה, איהר אנטהאן דאס רינגעלע און זאגען „הרי את„ איז אנגעקומען מיט'ן טויט ארויסצו־קריגען ביי איהם די עטליכע ווערטער. ניט ווייל ער האט זיי ניט געקענט, נאר ווייל ער איז געווען פויל דאס מויל צו עפענען.

— נאך דער חופה, ווען אלע האבען זיך געוואונשען „מזל טוב" און זיך געפרעהט, איז זלמן געזעסען רוהיג: ניט ער האט געלאכט, ניט ער האט געוויינט.

ער איז פשוט געווען פויל זיך צו פרעהען. א שמייכעל צו טהאן.

האט דער כלה'ס פאטער געפרעגט דעם מחותן:

— מחותן, וואס איז דאס פאר א מין זוהן ביי אייך? וואס איז ער אזוי שטיל? וואס שווייגט ער תמיד?

האט דעם חתן'ס פאטער געענטפערט:

— שווייגען איז גאָלד...

אויף מאָרגען נאָך דער חתונה איז די כלה אויפגעשטאַנען און געמאַכט פרישטאַג פאַר איהר מאַן.

האָט ער זיך געפוילט צו עסען.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג, צוויי טעג און אַ וואָך.

אויף דער צווייטער וואָך פרעגט דאָס יונגע ווייבעל:

— זלמן, וואָס וועט זיין מכח געהן אַרבייטען? מען דאַרף דאָך האָבען צום לעבען: אויף עסען, אויף דירה־געלד, אויף אויס־צוצאָהלען די זאַכען?

האָט זלמן ניט געענטפערט. ער איז געוועזען פויל צו ענט־פערען.

די צייט איז דערווייל געלאָפען, און זלמן האָט דערווייל ניט געאַרבייט, און דאָס יונגע ווייבעל האָט דערווייל ניט געגעסען, און דירה־געלד האָט מען דערווייל ניט געצאָהלט, און פאַר די מע־בעל אויך ניט.

האָט זיך אַזוי פאַמעליך אָנגעקליבען אַ באַרג מיט חובות.

און אַזוי ווי חובות גלייכען, אַז מען צאָהלט זיי אויס, און אַזוי ווי זלמן האָט זיך פון זיי, פון די חובות הייסט דאָס, קיין צימעס ניט געמאַכט, איז געקומען דער לענדלאָרד און האָט זלמן'ען געמאַכט צו מופען: אַרונטערגעטראָגען זיין ביסעל פאַרניטשור אין גאַס.

האָט דאָס דערהערט דער פאַרניטשור־דילער, איז ער געקומען מיט אַן עקספּרעס און צוגענומען צוריק די פאַרניטשור; האָט דאָס דערהערט דער מאַשין־אַגענט, איז ער געקומען און צוגענו־מען צוריק די נעע־מאַשין; האָט דאָס דערהערט דער אַגענט פון דער וויקטראָלאַ, איז ער געקומען און צוריקגענומען די וויקטראָ־לאַ; האָט דאָס דערהערט מעשעל דער שניידער, איז ער געקו־מען און צוגענומען צוריק זיין טאָכטער...

איז זלמן געבליבען אַליין... מען האָט געזעהן, אַז ער וויל אַ זיפץ טהאָן, אַ טרעהר לאָזען, אָבער ער איז געוועזען פויל דאָס צו טהאָן — — — — — — — — — — — — — — — — —

# הענאך תם.



ר איז ניט קיין פראסטער איד, הענאך תם. זיינע טיעפע שווארצע אויגען, זיין איינגעקארבטער־שטערען, זיין שטילער רוהיגער טאן אין רעדען, בעווייזט אייך באלד, אז איהר האט פאר זיך א בעלעזענעם מענשען. און אלץ וואס ער האט געלעזען, האט ער איינגעזאפט אין זיך. און דערפאר געהט ער תמיד ארום א פערטראכטער, א פערטיעפטער...
האט ער איינגעזאפט אין זיך. און דערפאר געהט ער תמיד ארום א פערטראכטער, א פערטיעפטער...

זיינע בעקאנטע דערצעהלען זיך אז פון איהם א סך קאמישע מעשה'לאך.

וואס מען זאל מיט איהם ניט רעדען, האט ער זיך אויף אלעם איין ווערטעל: „האט געדולד. איך וועל זיך די זאך איי־בערלעגען“...

דעם דאזיגען ווערטעל געברויכט ער אפילו דאמאלס, ווען ער דארף עס ניט געברויכען, ווען עס פאסט זיך ניט אריין אין געשפרעך. למשל:

איין מאל איז ער געגאנגען אין גאס שטארק פערטראכט. האט ער זיך אויסגעגליטשט און געפאלען. איז ער געלעגען אין בלאטע און זיך געפרובט אויפהויבען און ניט געקענט. איז צוגע־לאפען זעהר א שעהנע פרוי און איהם געוואלט אויפהויבען, האט ער א מאך געטהאן מיט דער האנד:

„מאדאם, האט געדולד, איך וועל זיך די זאך איבערלייגען“.

אדער געהמט אן אזא פאל: זומער, ווען דער הימעל האט געשאטען מיט פייערדיגע פונקען און ארויסגעטריבען טויזענדער מענשען צום ים, איז הענאך אויך געווען אייגער פון זיי. פלוצים האט מען בעמערקט ווי הענאך טרינקט זיך...

איז צוגעשוואומען אויף גיך צו הענאך'ן אַ יונגער מאַן און אויסגערופען: „מיסטער, גיט מיר אַ האַנד, וועל איך אייך אַרויס־ראַטעווען!“

האָט הענאך געענטפערט: „האָט געדולד, איך וועל זיך די זאַך איבערלייגען...“

ווידער ווערט דערצעהלט:

איינער איז איהם שולדיג געווען פופציג דאָלאַר זעהר אַ לאַנגע צייט. ער און זיין פרוי און זיינע קינדער האָבען שוין געערכענט די פופציג דאָלאַר פאַר פערפאַלען.

איז אַוועק אַ יאָהר און צוויי און דריי, און די געשיכטע איז פערגעסען געוואָרען.

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען קומט אַריין אַ פיין־געקליי־דעטער מאַן, געהט צו צו הענאך'ן און זאָגט:

„איך בין דער מאַן וואָס איז אייך שולדיג פופציג דאָלאַר. איך בין געקומען אייך אָבגעבען דעם חוב“.

האָט זיך הענאך פערטראַכט און געענטפערט:

„האָט אַ ווײַלע געדולד, איך וועל זיך די זאַך איבערלייגען“...

איינמאָל איז אַריינגעקומען צו איהם אַ מאַן און איהם ער־קלעהרט, אַז ער איז אַ לאָיער, אַז ער איז איהם געקומען אָנזאָגען אַ פרעהליכע בשורה. די בשורה איז: הענאך'ס אַ פעטער איז געשטאָרבען ערגעץ אין בראַזיליען און ער האָט איבערגעלאָזט אַ פערמעגען, און קיין קינדער האָט ער ניט. האָט ער אין זיין צוואה איבערגעלאָזט פאַר הענאך'ן זיין גאַנץ פערמעגען.

אַז הענאך'ס פרוי האָט דאָס דערהערט, איז זי פאַר גרויס פרייד געפאַלען אין אונמאַכט.

אַז מען האָט זי אָבגעמינטערט, האָט זי אַ פרעג געטהאָן דעם לאָיער: „ווי גרויס איז די ירושה וואָס דער פעטער האָט איבער־געלאָזען?“

„אַכט טויזענד דאָלאַר!“ — האָט דער לאָיער געענטפערט.

„ווען וועלען מיר קריגען דאָס געלד?“ — וויל הענאך'ס פרוי וויסען, און דאָס האַרץ קלאַפּט ביי איהר פאַר אויפרעגונג...

„ווען איך וועל קריגען אייער מאז'ס אונטערשריפט".

„הענאך! — האט די הענאכטע איהם א טארע געטהאן — וואס קלעהרסטו? גיב דיין אונטערשריפט!"

„האב געדולד! — האט הענאך רוהיג ארויסגערעדט — האב געדולד, איך וועל זיך די זאך איבערלייגען"...

נאר דער שעהנסטער וויץ איז דער:

איינמאל, בשעת הענאך איז געזעסען אין שאפ און געאר־בייט, איז צוגעגאנגען צו איהם דער באס און געזאגט:

„מיסטער תם! איך בין פון אייער ארבייט העכסט צופריע־דען, און דערפאר האב איך בעשלאסען אייך צו געבען א דריי דאלאר'דיגען רייז".

האט זיך הענאך פערטראכט און קאלטבלוטיג געענטפערט:

„איך וועל זיך די זאך איבערלייגען!..."



# אמעריקאַנער דאָקטוירים.

## מאַנאַלאָג.



עווען איז דאָס מיט אַ דריי חדשים צוריק, אין אַ שבת. איך בין געקומען פון שוהל, גאַנץ פיין קידוש געמאַכט, פערביסען מיט אַ שטיקעל פיש און — מיר איז... ניט גוט געוואָרען.

דאָס הארץ האָט גענומען קלאַפּען, דער קאָפּ האָט אָנגעהויבען דרעהען, די אויגען שווינדלען; איך האָב געפיהלט ווי דאָס לעבען עקט זיך מיר.

האָט זיך מיין פרוי דערשראָקען, צוגעלאָפען צום טעלעפאָן און טעלעפאָנירט נאָך אַ דאָקטאָר.

איז ווי נור דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט ער מיך בע־טאַפּט, בעשמעקט, אויסגעקלאַפּט, אויסגעהערט, אויסגעקאָשערט די אויגען און זיך געהייסען ארויסשטעלען די צונג. האָב איך איהם ארויסגעשטעלט די צונג. וואָס וועל איך זשאַלעווען?

האָט ער בעטראַכט די צונג, געקנייטשט דעם שטערען און מיך געפרעגט:

— איז אייך נודנע אויפ'ן הארצען?

— יאָ, זאָג איך, ס'איז נודנע!

— און דער קאָפּ דרעהט זיך אייך, הא?

— נאָך אַ מין דרעהען!

— און דאָס הארץ קלאַפּט אייך?

נאָך אַ מין קלאַפּען!

— און איהר פיהלט זיך ווי אויף צום חלש'ען, הא?

— יאָ, זאָג איך.

— ס'איז גאר ניט מיט גאר ניט — זאגט ער — ס'איז אזא מין קראנקהייט ביי אייך!

און ער הייסט פערמאכען אלע פענסטער. דאס קלענסטע ווינטעלע, זאגט ער, קען מאך באלד אוועקלייגען!

און ער פוילט זיך ניט און פערמאכט טאקע אליין אלע פענ־סטער, און מיך דעקט ער צו מיט נאך א קישען, נעהמט צו צוויי דאלאר און געהט אוועק.

אז ער איז אוועק, האב איך גענומען שוויצען. אין קארגע פינף מינוט בין איך געווען אן אויסגעצוואגענער! שכנים האָ־בען געזאגט, אז זייט זיי לעבען זיי נאך ניט געזעהן, אז א איד זאל אזוי שוויצען ווי איך האב געשוויצט!

לויפט מיין פרוי אוועק און ברייננט צושלעפען אן אנדער דאקטאר: נאך גאר א יונגען מיט א קליין געל בערדיל, ווי א פטום פון אן אתרוג.

און פונקט דער אייגענער לאטומניק וואס דער ערשטער! טאפט מיר פריהער אויס דעם דופק, קאטשעט מיר אויס די אוי־גען און הייסט זיך ארויסשטעלען די צונג. קנייטשט ער דעם שטערען, מעשה פילאזאף, און זאגט:

— מיסטער, איהר זייט עפעס ניט געזונד!

וואס זאגט איהר אויף אזא בהמה? איך צאפעל זיך ווי א פיש אין וואסער, געה אויס מיט די כוחות, קומט ער צוגעהן און דערצעהלט מיר, „אז איך בין עפעס ניט געזונד!"

זייט איהר שוין פארטיג? געהט ער, דער דאזיגער דאקטאר און פערשרייבט מיר צוויי פיאוועקעס און „שפאנישע פליגען". אויב דאס וועט מיר ניט העלפען — זאגט ער — זאל מען איהם רופען נאך אמאל.

און איידער ער געהט אוועק און נעהמט די צוויי דאלאר, זאגט ער אז למען השם עפענען אלע פענסטער! און אויב מעגליך—זאגט ער, זאל מען מיר ארויפלייגען א פענכער מיט אייז אויפ'ן קאפ.

אז דער לאטומניק איז אוועק, האט די פרוי מיינע מיך צו־געפיהרט צום אפענעם פענסטער, ארויפגעלייגט א פענכער מיט

אייז אויפ'ן קאפ, די „שפאנישע פליגען" אויפ'ן פלייצע, געלאזט שטעלען צוויי פיאווקעס אונטער די אויערען און מיך אוועקגע־ועצט.

זיץ איך! איך זיץ, און איך פיהל, אז עס נעהמט א סוף צו מיינע יאהרען! איך געה ממש אוים ווי א ליכט!

זעהט מיין פרוי, אז דער עסק ווערט זעהר פאסקודנע, רופט זי אריין א שכנה און זי לויפט אוועק און ברענגט צושלעפען א דריטען דאקטאר.

זייט איהר שוין פארטיג? איז ווי נור דער דאקטאר איז אריין אין שטוב, האט ער באלד געהייסען פערמאכען אלע פענסטער! ער האט אויך געהייסען ארונטערנעהמען פון מיר די צוויי פיאווקעס, די „שפאנישע פליגען" פון פלייצע און דעם פענכער אייז פון קאפ.

— איצט — האט ער א קאמאנדעווע געטהאן — לייגט איהם שוין אריין אין בעט און זאל ער ליגען!

ליג איך! געהט ער, דער דאקטאר הייסט עס — און קלאפט מיר אוים מיט א פינגער, לייגט צו דאס רעכטע אויער צום הארץ, האלט מיר דעם דופק, קוקט אויפ'ן גילדערנעם זייגעריל און שטופט מיר עפעס א גלעזערנע טרובקע אונטער'ן צונג.

אז ער נעהמט ארויס די טרובקע, זאגט ער:

— מיסטער, אויב איך האב קיין טעות ניט, האט איהר, ענט־וועדער די „גריפ" אדער אפענדיסיטים... אויף זיכער ווייס איך נאך ניט; דאס וועל איך ערשט קענען אויסגעפינען נאך האלבע נאכט, ווייל דאן וועט זיך ביי אייך אנהויבען דער ערשטער קריזיס; דאן וועט קומען א צווייטער קריזיס און ארום צוויי א זייגער פארטאג — א דריטער קריזיס! און ערשט נאך דעם דריטען קריזיס, וועל איך וויסען ווי עס האלט מיט אייך: אדער איהר וועט בלייבען לעבען, אדער איהר וועט שטאר־בען!

און עסען זאלט איהר אבסאלוט גאר ניט! סיידען... איהר האט א גוטען אפעטיט! און מיט שלאפען איז אויך דאס אייגענע:

אויב איהר ווילט שלאָפען — שלאָפט; נור צווינגען דאַרפט איהר זיך ניט.

הקיצור, ער האָט אויך צוגענומען צוויי דאָלאַר און איז אויך אַוועק.

אַז ער איז אַוועק, האָב איך גענומען ברענען ווי אַ תּעליש פייער! איך האָב געמיינט, אַז איך וועל פער׳שרפה׳ט! אַ נס, הערט איהר, וואָס מיין זוהן איז אָנגעקומען. אַזאַ זוהן ווי איך האָב, איז אויסצוזוכען עק וועלט! ער האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט וויסען, ביי קיינעם ניט געפרעגט, אַוועק און געבראַכט גאָר אַ נייעם דאָקטאָר. עפּעס אַ הויכען אידען מיט אַ לאַנגען האַלז, מיט גאָלדענע ברילען און אַ שוואַרץ בערדיל.

זייט איהר שוין פאַרטיג? איז ווי נור דער לאַנגער דאָקטאָר איז אַריין אין הויז, האָט ער באַלד געהייסען עפענען אַלע פענסטער.

אַז מען האָט געעפענט די פענסטער, האָט ער אַרונטערגענומען פון מיר די קישענס און מיך אַוועקגעזעצט — „ליגען" — האָט ער געזאָגט — „איז ניט געזונד".

וואָס טויג אייך מעשיות, אַז ער האָט מיך אָבגעמוטשעט אפשר אַ שעה אויפ׳ן זייגער, האָט ער ערקלעהרט, אַז מיר איז גאָר ניט: דער מאָגען, זאָגט ער, איז מיר „מכולע" און די צייהן טהוען מיר וועה!

און איידער ער האָט צוגענומען די צוויי דאָלאַר, האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל גאָר ניט עסען. סיידען אַ פּאָר האַרטע אָבגעקאָכטע אייער און פערטרינקען מיט שוואַרצע ציקאָריע.

נו, פרעג איך אייך: מעג ניט קומען אַן אומגליק אויף די היגע דאָקטוירים? — — —



# א דאלאר א קינד...



יהר זייט דאס דער מאכער פון פייפער? אויב אזוי איז גוט; וועל איך אייך איבערגעבען מיין פעקעל צרות און אייך, פאר איין גאנג, בעטען א טובה. הערט אדרבא וואס אין אמעריקא קען טרעפען:

„מיט אכט יאהר צוריק האב איך ארייננעמופט אין א הויז. דאס איז געווען אין איסט ניו יארק. די רענט איז געווען פופצעהן דאלאר א חודש. האט מיר דער לענדלארד — א איד מיט א ברייטער בארד, ווי א היימישער רב — געפרעגט וויפיעל קינדער איך האב. האב איך איהם געזאגט דעם אמת: דריי קינדער.

„האב איך געמיינט, אז ער וועט פערדרעהען מיט'ן נאז. צום סוף האט ער מיט א ליעבען שמייכעל געענטפערט:

— זאלען זיי אייך לעבען און זיין געזונד. איך גלייך קינדער. איך בין אליין א טאטע פון קינדער.

„זאג איך: אויב איהר גלייכט יא קינדער, טא ווייזט א גוטסקייט און לאזט מיר ארונטער א טאלער פון די רענט. זאל דער טאלער געהן פאר די קינדער אויף מילך.

„זאגט ער: איצט איז שוין פערפאלען; אבער איך זאג אייך צו, אז מיט יעדען קינד וואס אייך וועט צוקומען אין מיינע רומס, לאז איך אייך ארונטער א דאלאר פון די רענט. און ביי מיר איז א ווארט — א ווארט. בלאפען האב איך פיינט!

„וואס טויג אייך מעשיות און גליקען. פונקט צום יאהר בין איך געווארען א טאטע פון א מיידעלע. געה איך אוועק צום לענדלארד און זאג איהם אן די בשורה.

„זאָגט ער, דער לענדלאָרד: מזל טוב אייך! זאָל אייך גאָט שענקען פּרנסה און גליק!

„זאָג איך: אָמן.

„פערגלאָצט ער די אויגען און גלעט זיך די באָרד...

זאָג איך: מיסטער, וואָס גלעט איהר אייך די באָרד?

זאָגט ער: וואָס דען זאָל איך טהאָן?

זאָג איך: וואָס הייסט וואָס? לאָזט מיר אַרונטער דעם טאָלער; ס'איז דאָך מיר צוגעקומען אַ קינד...

„זאָגט ער: וואָס דאַרפט איהר זיך באַדערען צוליעב אַ טאָלער? אָט איז ער דאָ, און גאָט געהט ער אַוועק! איהר קלייבט בעסער צונויף אַ פינף קינדער, וועט איהר וויסען, אַז איהר האָט אַ פינפערל!... מיט אַ פינפערל קען מען זיך שוין אַ דרעה טהאָן... אַ פינפערל איז געלד... אַנשטאָט פופצעהן טאָלער אַ חודש, וועט איהר מיר צאָהלען צעהן טאָלער.

„האָב איך איהם שוין מעהר ניט געבאַדערט. איך האָב איהם דערוויל געצאָהלט די פולע רענט און מיין ווייב האָט דערווייל געקינדעלט.

„אַזוי ווי גאָט האָט געשאָנקען אַ יאָהר, אַזוי בין איך רייכער געוואָרען מיט אַ פרעסער'ל.

„וואָס טויגען אייך מעשיות, אַז איך האָב איבערגעצעהלט מיין ביסעל אָרימקייט און געזעהן, אַז ס'האָט זיך שוין ביי מיר אָנגעקליבען פינף קינדער (אַ חוץ די דריי פון פריהער), בין איך מיט גרויס שמחה אַוועק צום לענדלאָרד.

„איך קום אַריין אין הויז — ערשט אַנדערע מענשען וואוינען דאָרט. ווילד־פרעמדע... עפּעס אַ טיטשער פון פידעל שפּיעלען.

— וועמען זוכט איהר? — האָט מיך געפרעגט דעם טיטשער'ס פרוי.

— מיסטער קאַזע.

— וואָס פאַר אַ קאַזע?

— אַ לענדלאָרד. אַ איד מיט אַ ברייטער באָרד און מיט אַ פ...יאַם אויפ'ן פּנים. וואָס מען רופט איהם קאַזע.

— אַט דעם לענדלאָרד זוכט איהר?
— יאָ.
האָט זיך די פרוי צולאַכט.
— וואָס לאַכט איהר?
— איך לאַך פון אייך, וואָס איהר זוכט אַ לענדלאָרד וואָס איז שוין לאַנג אוים לענדלאָרד.
— ער האָט דאָך אַ הויז אין איסט ניו יאָרק.
— דאָס הויז האָט ער שוין לאַנג פערקויפט. אָדער בעסער געזאָגט, מען האָט עס פון איהם צוגענומען.
דערמאָן איך מיך, אַז פאר די לעצטע צוויי יאָהר פלעגט טאַקע אַן אַנדערער קומען קאַלעקטען די רענט. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַן איידזשענט.
— וואו איז ער אַהינגעקומען? — פרעג איך און איך פיהל, ווי עס ווערט מיר פינסטער אין די אויגען...
— ער איז ערגעץ נעלם געוואָרען. מען ווייסט ניט וואו ער איז. מאַנכע זאָגען, אַז ער האָט זיך פער'סמ'ט, אַנדערע זאָגען, אַז ער זיצט אין דזשייל, און ווידער אַנדערע בעהויפּטען, אַז ער איז נאָך איצט אַ לענדלאָרד ערגעץ אין די בראָנקס
בין איך דאָס איצט געקומען צו אייך, איהר זאָלט דורך אייער פּייפּער טרייען אויפזוכען דעם פאַסקודנעם לענדלאָרד. איך וויל איהם פרעגען, למאי האָט ער מיר צוגערעדט צו ברענגען איבעריגע פינף קינדער אויף דער וועלט...
וואָס האָט ער געוואָלט פון מיין לעבען האָבען?...



# אַ איד מיט פּרינציפּען.


יך וויל ביי אייך פרעגען אַן עצה. פריהער גאָט און דערנאָך איהר... איך בין, פערשטעהט איהר מיך, אַ איד מיט פּרינציפּען וואָס לאָזען מיך ניט רוהען, וואָס טרייבען מיך יונג פון דער וועלט! שווער, זעהר שווער צו לעבען היינטיגע צייטען מיט פּרינציפּען; די היינטיגע מענשען גלייבען קיין פּרינציפּען ניט...

קוק איך אויף דעם אידען מיט די פּרינציפּען און פרעג ביי איהם:

— מיסטער, ווי קומט צו אַזאַ אידען ווי איהר פּרינציפּען? וואו האָט איהר זיי פּאַצאַפּעט?

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: איך אליין וואָלט דוקא געקענט אויסקומען אָהן זיי. כ'האָב אייגענע צרות. נאָר איך האָב אַ פּלימעניק, אַ יוניאָן־מאַן, אַ ברען, זיינען דאָס זיינע פּרינציפּען. ער איז אַ גוד באָי, מען רופט איהם סעם. כאַפּ איך אמאָל ביי איהם אַ פּאָר דאָלאַר; נו, וויל ער דוקא, אז זיין פעטער זאָל זיין אַ איד מיט פּרינציפּען. נו, קען מען דאָך ניט אָבזאָגען אזא גוטען פּלימעניק — בין איך אַ איד מיט פּרינציפּען!

אָהן פּרינציפּען לאָזט ער מיר אין שטוב ניט אריין. היינט וואָס קען מען מאַכען? ליג איך אין דער ערד!

אַ איד מיט פּרינציפּען דאַרף גאָר ניט געבאָרען ווערען.

וויל איך אנטלויפען פון מיין אידענע, דערלאָזען מיך ניט די פּרינציפּען. טאקע, ווי קען דאָס אַ איד מיט פּרינציפּען אנטלויפען פון אַ פרוי?

ווייל איך ארויסוואַרפען די שוויגער פון הויז, אדער ארייסשטע־לען איהר קופערט אין גאס — שטעהען מיר די פּרינציפּען אין וועג... ווי קען דאָס טאַקע אַ פּרינציפּיעלער מענש ארויסשטעלען אַ שוויגער אין גאס?

קומט דער קאַמפּיין און אַ טאַמאַני־פּאָליטישען וויל מיר גע־בען אַ צעהנערעל פאר מיין וואוט (און איך דאַרף דאָס צעהנע־על ווי איינער דארף לעבען), שטעלען זיך אוועק די פּרינציפּען ווי אַ ביין אין האלז...

וואָס אַ שטייגער וואָלט דאָס געאַרט די פּרינציפּען, אַז איך זאָל טאַקע מאַכען עטליכע דאָלאַר פון טאַמאַני־האָלל?

האָב איך אַמאָל געוואָלט געהן סקעבען (די שניידער האָבען דעמאָלט געסטרייקט), האָבען מיך מיינע פּרינציפּען אָבגעהאַלטען.

האָב איך געוואָלט ווערען אַ באָס און לעבען פון יענעמס פּראַצע, פון יענעמס האָרעוואַניע, האָבען מיך מיינע פּרינציפּען ניט דערלאָזען. אויב דו ווערסט אַ באָס, אַ סקעב — מוזטו ווע־רען אוים מענש — האָבען די פּרינציפּען גע'טענה'ט צו מיר...

דערווייל בין איך אַן אביון, אַ קבצן און מעהר ווי די פּרינ־ציפּען פערמאַג איך ניט.

אַ פייער האָט געמעגט קומען אויף מיין פּלימעניק מיט זיינע פּרינציפּען! אומגליקליך האָט ער מיך געמאַכט!

פרעג איך דעם אידען: מיסטער, ווי האָט אייך אייער האַרץ דערלאָזען צונעהמען ביי מיר אזוי פיעל צייט און מיר אַנהאַקען אַ קאָפּ מיט אייערע פּרינציפּען?

זאָגט דער איד: דאָס אַליין איז ביי מיר אויך אַ פּרינציפּ... **אַז עס רוקט זיך מיר אונטער אַ איד, וואָס לאָזט זיך נודיען, נודיע איך...**



# אַ סעמפעל.



יך בין אמאל ארומגעפאהרען פאר א סאניטאריום געלד קלייבען.

בין איך אין אַ שטעדטעל געקומען. אין א קליין, אידיש שטעדטעל.

האָב איך ביי דעם שטעדטעל הילף געבעטען; פון הויז צו הויז געגאנגען, אין אלע טהירען געקלאפּט און ביי יעדען איינעם א נדבה פערלאנגט.

האבען די אָרימע ארבייטער דעם לעצטען סענט פון קעשענע אפּגעגעבען; זייער ביסען ברויט פון מויל פאר די קראנקע גע־שאנקען; פון זייערע קינדערלאך די אָפּגעשפּאָרטע פענים צו־גענומען.

האבען זיי קיין געלד ניט געהאט, האבען זיי כאטש א זיפץ געגעבען, א טרעהר פערגאָסען...

האָב איך צווישען די אָרימע, אידישע הייזלאך אַ פּאלאץ דערזעהן. אַ הויז, ווי אַ גריכישער טעמפּעל געבויט: ווייסע זיילען מיט אַ וועראנדע פון פאָרענט; ווייסע שטיינערנע לייבען ביים אריינגאנג און אַ רייכער, גרינער גאָרטען ביי דער זייט.

פרעג איך: ווער איז דער גליקליכער פון דיעזען פּאלאץ? ווער איז דער בעזיצער פון דיעזען שלאָס?

זאָגט מען מיר: אַ איד, אַ רייכער לעדער פאבריקאנט. א איד, וואָס איז אמאָל אַ פעדלער געווען; מיט אַלטע אייזען און שמאַטעס געהאנדעלט; אין דחקות געלעבט; מיט שוויים און בלוט דאס ברויט פערדיענט.

— ווער־זשע האט איהם רייך געמאכט?

— א ירושה. א רייכער פעטער איז איהם געשטארבען, האט ער איהם — דעם אמאליגען פעדלער — זיין פערמעגען איבערגע־לאזט.

אכט הונדערט טויזענד דאלאר.

האט ער א פאבריק געעפענט, א לעדער פאבריק, ארבייטער אנגעשטעלט.

ווערט ער רייכער און רייכער וואס פון יאהר.

הער איך אויס די געשיכטע און בעשלים אריינצוגעהן צום אידישען פאבריקאנט; צום געוועזענעם שמאטע־הענדלער, א נדבה בעטען.

א נדבה פאר זיינע בלייכע ברידער, וואס הוסטען אויס זייערע לעבענס פאר די שטומע פעלזען אין קאלאראדא.

מאכען מענשען פון מיר דאס גרעסטע געלעכטער.

— וואס איז דער געלעכטער?

— מיר לאכען, וואס איהר געהט צו איהם נאך א נדבה. דאס איז א טיגער אין מענשען־געשטאלט; זיין הארץ איז א שטא־לענע...

הער איך זיי ניט און געה.

קלינג איך אן.

עפענט זיך א שווערע טהיר און א דיענסט־מיידעל בעוויזט זיך

— וועמען דארפט איהר? — פרעגט זי.

— דעם בעל־הבית, — ענטפער איך.

— ווענען געשעפט?

— ווענען געשעפט.

— איין מינוט. כ'וועל א פרעג טהאן.

זי פערשווינדט און קומט באלד צוריק:

— איהר קענט אריינגעהן.

זי לאזט מיך אריין און ווייזט מיר אן א גרויס צימער מיט טהייערע מעבעל, מיט שעהנע דיוואנען און פראכטפאלע בראנ־זענע פיגורען.

— זיצט אוןווארט — זאגט זי.

ווארט איך.

דערהער איך טריט. שטילע, ווייכע טריט, ווי איינער וואס טרעט אויף א שווערען סאמעט-פּלוש.

די טריט דערנעהענטערען זיך, הערען זיך שארפער, עס שארשעט...

עפענט זיך די טהיר און א איד בעוויזט זיך. א שטארקער איד מיט א רונד בייכעל. און אויפ'ן בייכעל בלאנדזשעט אום א שווערע גאלדענע קייט מיט א לאקעט, געמאכט ווי א פערדישע קאפּ.

בעטראכט ער מיך פון אויבען ביז אראפּ זעהר פערדעכטיג...

בעגרים איך איהם העפליך.

פרעגט ער: ווער בין איך, פון וואנען קום איך און וואס פערלאנג איך.

זאג איך איהם.

קוועטשט ער תמ'עוואטע מיט די פּלייצעס, ווי איינער רעדט: „וואס וויל פון מיר דער דאזיגער איד?"

נעהם איך איהם שילדערען די שוידערליכע בילדער פון די קראנקע, אויסגעצעהרטע לעבענס, און איך טראכט: די בילדער וועלען איהם ריהרען ביז טרעהרען, — וועט דאס הארץ זיינס א ציטער טהאן, וועט זיך דארט א רחמנות דערוועקען, וועט ער א שעהנע נדבה געבען.

אויסגעהערט מיך, טהוט ער א פרעג:

— האט איהר סעמפּעלס?...

— איך פערשטעה ניט וואס איהר מיינט — זאג איך — וואס הייסט סעמפּעלס?

— סעמפּעלס הייסט סעמפּעלס! — אויב איהר ווילט מיט מיר מאכען ביזנעס, מוזט איהר מיר ווייזען סעמפּעלס... אהן סעמפּעלס מאכט מען אין אמעריקא ניט קיין ביזנעס... אז איך שיק ארויס א דראמער אננעהמען אָרדערס, גיב איך איהם אויך מיט סעמפּעלס... אהן סעמפּעלס קען איך מיט אייך ניט רעדען!...

— אבער מיין ליעבער מענש — איך קען דאך ניט מיט־פיהרען מיט זיך א שווינדזיכטיגען... ער קען דאך — — —

אויב אזוי איז ניטא מיט אייך וואס צו רעדען. גוד באי!...

ווען איך האב פערלאזען דאס הויז, און בין ארונטער די ווייסע טרעפ פון דער וועראנדע, איז אויף מיר אנגעפאלען א שווארצער הונד און גענומען האווקען: — „האו־האו!" און מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז אויך דער הונד שרייט: „א סעמפעל! א סעמפעל!"...



# בלאָנדע טעכטער.



ס האָט גערעגנט. קיין רעגען־שירים האָב איך ניט געהאַט.

געה איך דורך אָרטשאַרד סטריט, זעה איך אין אַ קעלער אַ קליין סטאָרקעלע מיט רעגען־שירמס. געה איך אַרונטער, טרעף איך דאָרט אַ איד פון אַ יאָהר זעכציג אין טלית און תפילין, שטעהט שמונה עשרה.

אז דער איד איז „אויסגעגאַנגען“ שמונה עשרה, האָב איך מיר אויסגעקליבען אַ שירם און געפרעגט די פּרייז.

— אַ דאָלאַר מיט דרייסיג! — האָט דער איד געענטפערט.

— צו טהייער! — זאָג איך.

— זייט איהר קיין מבין ניט — זאָגט דער איד — דאָס איז אַ זיידענער שירם מיט אַ דאָפּעלטען ספּרינג און מיט אַ „פּעטען“. אין אַ רעגעלען סטאָר קאָסט אַזאַ שירם 5 דאָלאַר, נור ביי מיר איז ביליג...

האָב איך דעם אידען געגעבען זיין פּרייז און איהם דערווייל אַ פרעג געטהאָן ווי די ביזנעס געהען.

— גאַנץ גוט! — האָט ער געענטפערט — צוזאַמענלייגענדיג דעם טלית.

— דאָס ערשטע מאָל הער איך, אַז אַ איד זאָל זיין צופריעדען מיט זיינע ביזנעס — האָב איך בעמערקט.

— יאָ, איך בין צופריעדען, — האָט ער ווידער געזאָגט — ווייל איך בעצאָהל ניט פאַר קיין סחורה.

— וואָס הייסט, איהר בעצאָהלט ניט? איהר גנב'עט?

— חלילה

— טאַ ווי דען?

— איך האָב, פערשטעהט איהר מיך, זעקס דערוואַקסענע טעכטער, אַלע געראָטענע, אַלע שעהנע, מיט בלאָנדע צעפּ. ברי־ליאַנטען! קומען צו מיינע טעכטער אריין אַ סך יונגע לייט. פיינע באָים וואָס שדכן'ען זיך צו זיי. צו די אינגערע טעכטער, למשל, קומען ארויף צו דריי און צו פיער באָים מיט אַמאָל. ניטאָ די נאַכט, דער שבת, דער זונטאָג, אַז דאָס הויז זאָל ניט זיין גע־פּאַקט מיט אויסגעפּוצטע יונגע לייט. און די טעכטער שטיפען, לאַכען, פערברענגען זיך מיט די באָים זעהר פיין, אנשטענדיג. נור צו קיין שדוכים קומט עס ניט. אַז די באָים געהען שפּעט ביי־נאַכט אַהיים, בלייבען אַלע מאָל איבער עטליכע אמברעלאָס, וואָס זיי פערגעסען אין הויז. האָט זיך אַזוי פּאַמעלאַך אנגעקליבען אַ פולע רום מיט פיינע סילקענע אמברעלאָס. וואָס־זשע טהוט מען מיט זיי? האָב איך געעפענט די דאָזיגע סטאָרקע. און דאָס זיי־נען די אמברעלאָס. איהר פערשטעהט?

— וואָס־זשע וועט איהר טהאָן — פרעג איך דעם אידען — אַז אייער סטאָק וועט זיך ביי אייך אויסנעהמען?

— עס קען זיך ניט אויסנעהמען! — האָט דער איד געענט־פערט — אויב איך פערקויף דריי אמברעלאָס אַ טאָג, קומען מיר צו נאָך מעהר ביינאַכט אין הויז.

— די באָים קומען גאָר ניט אָפּנעהמען די אמברעלאָס? — פרעג איך.

— וויים איך וואָס! עס קומען דען אַלע מאָל די זעלבע? אַלע נאַכט קומען אַלץ נייע באָים מיט נייע אמברעלאָס. די פרי־הערדיגע באָים קומען מעהר ניט. עס שטעהט זיי אָפּנים ניט אָן, וואָס איך האַנדעל מיט אמברעלאָס. שלעכט איז נאָר אָט וואָס: טאָמער קלייבען זיך מיינע טעכטער אויס חתנים און האָבען חתונה, וועל איך מוזען אויפגעבען די ביזנעס און ווערען צוריק אַ שמש ביי דער חברה „אנשי ספרד“.

# ניט דיין עסק!



שר יונה איז א איד וואס האט פיינט, אז א פרוי זאל האבען א דעה. אשר יונה זאגט, אז ווען ער זאל זיין גאט, וואלט ער קיינמאל ניט בעשאפען א פרוי.

אשר יונה גלייכט צו שפיעלען די ראלע פון דעם ה ע ר ש ע ר אין הויז. „פרויען“ — זאגט ער — „זיינען בלויז בעשאפען געווארען אויף דער וועלט צו בעדיענען די מענער: צו קאכען, צו וואשען, צו צירעווען, צו סקראבען און האלטען דאס מויל ווען דער מאן רעדט מיט מענשען...“

קומט צו געהן דאנערשטאג אבענד, און אשר יונה'ס פרוי געהט צו צו אשר יונה'ן און בעט איהם אויף שבת (אשר יונה גלייכט גוט אריינצופרעסען), שטעלט ער אויס אויף איהר א פאר גזלן'ישע אויגען, ניט א טופע מיט א פוס: „אוועק! טראג זיך!“

— מ'דארף דאך אבער אנגרייטען אויף שבת?

— ניט דיין עסק! אין אזעלכע זאכען דארף זיך א פרוי ניט מישען! — געוואלדעוועט אשר יונה.

קומט אן דער אסיען מיט זיינע קאלטע זינגענדיגע ווינטען, מיט זיינע פרעסטעלדיגע פריהמארגענס, און אשר יונה'ס ווייבעל געהט צו צו אשר יונה'ן און לאזט איהם וויסען, אז די קינדער זיינען בארוועס און נאקעט, הויל ווי די פויגעל; אז מ'דארף עפעס א טראכט טהאן; אז די קינדער וועלען זיך צוקיהלען וועט קאסטען מעהר — הערט אשר יונה אויס זיין ווייבעל און ענטפערט בייז:

— ניט דיין עסק! אין אזעלכע זאכען דארף זיך א פרוי ניט מישען!

איין מאל האט אשר יונה'ס פרוי אריינגענומען א באַרדערקע: א מיידעל מיט שווארצע אויגען, וואס האבען געפלאַקערט מיט יו־גענד. האט אשר יונה פאמעלעך גענומען ארויסווייזען צו איהר א קאפעטשקע ליעבע... פון דעם קאפעטשקע איז געוואָרען עטליכע קאפעטשקעס, פון די עטליכע קאפעטשקעס א שמייכעל, פון שמיי־כעל — א טיקעט אין דער אפערא, פון דער אפערא — א גוטען סאפער, פון גוטען סאפער — ברענענדיגע בליקען, גליהענדע קושען, ביז — אשר יונה'ס פרוי האט דאס אויסגעפונען און זיך צוואויינט...

— וואס פאר א וויגעניש איז אויף דיר? — האט אשר יונה געפרעגט.

— דו אויף מדן אָרט וואלסט בעסער געווען? — האט זי זיך צוכליפעט — מיך לאזט פלאגען זיך אין הויז מיט די קינדער און דו שלעפסט זיך ארום מיט דער באַרדערקע אין אפעראס!

האט אשר יונה א קריץ געטהאָן מיט די צייהן און א רעווע געטהאָן ווי א ווילדע חיה:

— גיט דיין עסק! אין אזעלכע זאכען דארף זיך א פרוי ניט מישען!

אט אזוי ווי איהר הערט, האט זיך אשר יונה אָבגעלעבט מיט זיין ווייבעל א יאָהר אכטצעהן. געהאט צוזאַמען ניין קינדער: אלע בלאסע, נערוועזע, עקשנים, גערעטען אין טאַטען! אין די גאנצע אכטצעהן יאָהר האט אשר יונה'ס ווייבעל ניט געהאט קיין רוהיגען טאָג, קיין לייטישע דירה, קיין ריכטיגען מאָהלצייט. די גאנצע אכטצעהן יאָהר איז זי אָבגעקומען מיט טראָגען און האָבען און זויגען. איז זי טאקע געוואָרען אלט פאר דער צייט.

די גאנצע אכטצעהן יאָהר האָט זי קיין טהעאַטער ניט בע־זוכט, אין קיין קאָנטרי ניט געווען, קיין לייטיש קלייד ניט גע־האט. די קיך און דאס וויעגעלע האָבען איהר ניט געלאָזען ארויס־געהן אויף דער ליכטיגער וועלט.

איין מאָל האָט אשר יונה'ס פרוי געהאט אן ערנסטען גע־שפּרעך מיט איהר אשר יונה'ן וועגען איהר צרה'דיגער לאגע.

האָט זיך אשר יונה אָנגעצונדען ווי א שטרויענער דאך און אויסגעשריען:

— האַלט'ס מויל! א פּיפּס זאָל איך פון דיר ניט הערען! איך האָב דיר שוין טויזענד מאָל געזאָגט, אז אין אזעלכע זאכען דארף זיך א פרוי ניט מישען!

אָט אזא איד איז אשר יונה!



# א פלושענער מאנטעל.



יבער העסטער סטרים קוקט ארונטער א בייזער הי־מעל, אן אנגעכמורעטער, ווי אימיצער וואלט איהם אונגליקליך געמאכט...

באלד נעהמט קאפען א דין שיטער רעגענדעל, א קארגס. קוקענדיג אויפ'ן רעגענדעל דאכט זיך, ווי עס זאגט: „זייט מיר מוחל וואס איך געה אזוי שיטער. כ'קען ניט געדיכטער. ס'איז א יקרות... איהר ווייסט דאך... מ'דארף שפארען... מ'דארף זיך אנגרייטען, ווי דער אמעריקאנער זאגט: „אויף א רעגענדיגען טאג...“

פון א טיעפען קעלער קומט ארויס א אידעל מיט איינגעפאלענע באקען און דראטענע ברילען, האלטענדיג אין האנד אן אלטען פלו־שענעם מאנטעל, האלב מיט לאטעס און האלב אויסגעריבען — פון די ריכטיגע מאנטלען! א פרוי מיט א קיישעל אין האנד שטעלט אב דעם אידען און הייסט זיך, ווייזען דעם מאנטעל.

— דער מאנטעל איז ניט פאר אייך! — ענטפערט דער איד — צו דעם מאנטעל דארף מען האבען א רייכען בייטעל; מען דארף זיין א מבין אויף דעם מאנטעל... זייט העסטער סטריט שטעהט אין דרויסען, האט זי נאך אזא מאנטעל ניט געהאט. איך אליין וואונדער זיך ווי עס קומט צו מיר אזא מאנטעל! נור גאר ניט, איהר ווילט איהם זעהן, קענט איהר איהם זעהן.

די אידענע מיט'ן קיישעל בעטראכט דעם מאנטעל און פרעגט: „וויפיעל ווילט איהר פאר איהם?“

— ס'און עבירה דער רעדען! — רופט אויס דער איד — איהר וועט דעם מאנטעל ניט קויפען.

— דאך? — וויל די אידענע וויסען דעם פרייז.

— ניט ווינציגער ווי דריי טולער.

די אידענע פערדרעהט מיט דער נאז און לאזט זיך געהן.

גיט דער איד א זיפץ: „אז אך און וועה איז צו דעם מאנ־טעל, וואס פאלט אריין אין העסטער סטריט!“

קעהרט זיך צוריק די אידענע, בעטראכט נאך אמאל דעם מאנטעל און צעהלט:

— איינס — צוויי — דריי — פיער — פינף — זעקס לא־טעס! און דער קאלנער איז אבגעבראכען, און די ארבעל אויסגע־ריבען, די ליינינג צושאטען, א שטיק פלייצע אויסגעברענט!... און איהר שעהמט זיך ניט צו בעטען פאר אזא שמאטע דריי טאלער? איהר מיינט, אז אין העסטער סטריט וואוינען מיליאנערען?

און די אידענע לאזט זיך ווידער געהן.

— מיסעס! וויפיעל גיט איהר? ארויס מיט לשון!

— כ'ווייס אליין ניט וויפיעל איך זאל אייך צוזאגען. אויב איהר ווילט פערציג סענט וועל איך אייך געבען.

— קעש? — פרעגט דער איד מיט שפאט.

— קעש! — ענטפערט די אידענע — נאט אייך שוין געלד!

— זייט ניט קיין אידענע! — צובייזערט זיך דער איד — די טויזענדער זאל איך פערמאגען, וואס די סחורה קאסט מעהר פון דריי טולער. איהר שפיעלט זיך עפעס ביי דער הייניטיגער צייט מיט פלוש. און מלאכה־געלד וואו איז? און פאטשעווקע וואו איז? און פראפיט און אנדערע זאכען? אזא מאנטעל איז א מציאה א צעהנערל! נאר ניט איך בין דער מענש צו בעטען אזא פרייז... אין דער פינפטער עוועניו נעהמט מען פאר אזא אנ־טיקעל א פופציגער! הכלל, זאגט א פרייז. וויפיעל גיט איהר?

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט: פערציג סענט.

— איז דאך ניטא וואס צו רעדען! פערציג סענט זיינען דאך ווערטה די קנעפלאך.

— טא נאט אייך נאך פינף סענט און רעדט ניט!

— לאזט זיך דיענען, מיסעס! איהר ווייסט גאר אליין ניט

וואס פאר א מאנטעל דאס איז! זאל איך קרענקען מיט מיין ווייב אינאיינעם, אויב וואנדערבילט׳ס טאכטער טראגט אזא מאנטעל! גיט מיר צוויי און א האלב טולער און א סוף! וואס, איהר ווילט ניט? טא זאל זיין א גליך צווייערל! זאל איך שטארבען, אויב איך לאז אייך ארונטער איין סענט מעהר!

— נאט אייך נאך פינף סענט... איך האב קיין צייט ניט, כ׳האב געלאזען א בייבי אין הויז. איהר נעהמט געלד?

— איהר וועט בעסער ווערען, מיסעס! דאס איז ניט קיין מאנטעל, נאר א שטיק גאלד! פערמאגט איהר דאס פון היינט איבער א יאהר, וואס דער מאנטעל האט די ווערטה! איהר זייט ניט קיין מבין! זעהט, ס׳ארא סחורה! ס׳ארא ארבייט! איהר׳ט מיר דאנקען, מיסעס! זאל איך אזוי א דאגה האבען מיט געזונד און פרנסה, ווי איך האב א דאגה מיט׳ן מאנטעל!

די אידענע איז אוועק און דער איד איז איהר נאכגעלאפען מיט קולות:

— איהר גיט א טולער פינף און זיבעציג?

— ניין! — שרייט די אידענע.

— און א טולער מיט א האלב גיט איהר?

— ניין, — עקשנ׳ט זיך די אידענע.

— הערט, מיסעס, איך וועל אייך זאגען דאס לעצטע ווארט. יא—יא, ניין—ניין! איהר גיט פינף און זיבעציג סענט? איצט מעגט איהר געהן!

— נאך צעהן סענט! מעהר וועל איך ניט געבען! איך האב זיך פיינט צו דינגען...

און די אידענע האט געקויפט דעם מאנטעל פאר זעכציג סענט.

אז די אידענע איז אוועק מיט׳ן מאנטעל, האב איך א פרעג געטהאן דעם אידען:

— האט איהר כאטש עפעס פערדיענט איז׳ם מאנטעל?

— ניט קיין סך! — האט דער איד געענטפערט — פופציג סענט!

# מיט וואָס ער שטאָלצירט...



יטאָ אַ מענש אויף דער וועלט וואָס זאָל ניט האָבען מיט עפּעס צו שטאָלצירען.

איינער, למשל, שטאָלצירט דערמיט וואָס ער האָט איבערגעלעזען אכט מאָל אַלע ווערק פון שעקספּיער.

אַ צווייטער שטאָלצירט דערמיט וואָס ער האָט געזעהן צוויי און דרייסיג מאָל „שולמית".

אַ דריטער גרויסט זיך דערמיט וואָס ער איז געווען פער־שיקט אין סיביר און איז פון דאָרטען אנטלאָפען.

אַ פערטער בלאָזט פון זיך וואָס איזראעל זאנגוויל האָט איהם פארפאָהרען אַ פּאַטש...

אַ פינפטער בעריהמט זיך, אז ער האָט געשלאָפען מיט מאַקסים גאָרקי אין איין בעט.

אַ זעקסטער פערדורעט אייך אַ קאָפּ, אז ער האָט געטרונקען טהעע מיט גראף טאָלסטאָי.

אַ זיבעטער ווערט ניט מיעד אייך צו דערצעהלען, אז נאָמ־בערג האָט ביי איהם געליהען אַ רובעל.

נאָך איינער איז גליקליך דערמיט, וואָס שלום עליכם האָט איהם געזאָגט „גוט מאָרגען" און פּרץ האָט ביי איהם אמאָל געבעטען אַ שוועבעלע...

ווידער זיינען פאַראַן אנדערע סאָרטען שטאָלצע.

איינער שטאָלצירט דערמיט וואָס קיין דאָקטאָר קען ניט דערגעהן וואָס פאַר אַ קראַנקהייט ער האָט. איינער זאָגט: גאַל־שטיינער; אַ צווייטער זאָגט: משאַכאָטקע; אַ דריטער זאָגט:

„פענדיסיטיס"; א פערטער זאגט: רומאטעס; אבער אויף ריכטיג ווייסט קיינער ניט!

איינער שטאלצירט דערמיט, וואס ער איז דער גרעסטער שטאמלער אין אמעריקא. אז ער זאאיקעוועט זיך איז דא וואס צו זעהן. אז ער וויל איינעם זאגען „גוט שבת", פאנגט ער אן מיטוואך פארטאג.

נאך איינער שטאלצירט דערמיט, וואס ער האט שוין אין זיין לעבען געהאט זיבען ווייבער און קיין איינע פון זיי ניט אפּ־גע'גט...

פון אידישע שרייבער און דיכטער איז אפגערעדט.

איינער א דיכטער שטאלצירט דערמיט, וואס זייט ער לעבט האט ער זיך נאך ניט אויסגעריינינגט די אויערען...

אן אנדערער איז שטאלץ דערמיט וואס ער קען טראגען צוויי חדשים א קראגען אויף איין זייט; דאן איהם איבערקעהרען אויף דער אנדערער זייט און איהם ווייטער טראגען צוויי חדשים. און ווען דער קראגען וואלט געהאט א ד ר י ט ע זייט, וואלט ער איהם ווידער געטראגען צוויי חדשים...

ווידער איינער טראגט זיך ארום מיט א פאסטעל קארד פון דוד איינהארן. אין פאסטעל קארד זאגט איינהארן: „מיט דער צייט, אויב איהר וועט מאכען פארטשריט, און ניט נאכמאכען פושקין'ען, און קענען בעסער אויסלייגען אידיש, און פערשטעהן די „נעזועצע פון פאעזיע", וועט איהר אפשר, מיט דער צייט, עפּעס קע־נען אנשרייבען. דערווייל קענט איהר ניט"...

אט אזוי שרייבט איהם איינהארן.

נאך איינער, א סקיצען־שרייבער, שטאלצירט דערמיט, וואס ער האט שוין אפשר פופציג סקיצען גע'גנב'עט פון פראנצוויזיש, און קיין קריטיקער האט עס נאך ניט בעמערקט... דאס בעווייזט, זאגט ער, אז אונזערע קריטיקער לעזען ניט קיין „שעהנע ליטע־ראטור"...

הקיצור, עס זיינען פאראן אויף דער וועלט פערשיעדענע מענשען וואס שטאלצירען מיט עפּעס.

אבער דעם אינטערעסאנטסטען אידעה פון דעם מין, האב איך בעגעגענט אין באסטאן.

דער דאזיגער איד האלט דארט א „קלינינג סטאר", א פלאץ וואו מען לאטעט און מען פרעסט און מען רייניגט אלטע קליידער. און וואו ער געהט און וואו ער שטעהט בלאזט ער פון זיך. האלט ער זיך שטאלץ ווי ער וואלט גליקליך געמאכט די וועלט!

און ווייסט איהר מיט וואס ער שאלצירט? איהר וועט ניט טרעפען. ער שטאלצירט דערמיט, וואס ער האט אמאל אויס־געפרעסט דר. זשיטלאווסקי'ס שבת'דיגע הויזען...



# מיסטער פיפיטש.



יט עטליכע וואכען צוריק קומט ארויף חער לענדלאָרד און מאָהנט מיך רענט. האָב איך געזאָגט, אז איך האָב ניט.

האָט ער געזאָגט, אז ער וועט מיך מאכען צו מופען.

האָב איך איהם נעפרעגט וואָס חאָס מיינט. האָט ער גע־ענטפערט, אז דאָס מיינט ארייגשיקען א „מוף־צעטעל“.

האָב איך איהם געזאָגט, אז ער זאָל זיך ניט מאכען לעבער־ליך, ס'וועט ניט אויסקוקען שעהן.

האָט ער מיר געענטפערט, אז ער קעהרט ניט פאר שעהנ־קייט, דער עיקר איז ביי איהם דירה־געלד.

האָב איך איהם געזאָגט, אז ווען איך וועל אָנהויבען אר־בייטען וועל איך איהם בעצאָהלען.

האָט ער מיר געענטפערט, אז ער האָט ניט קיין געדולד אזוי לאַנג צו ווארטען.

דער סוף איז געווען, אז ער, דער לענדלאָרד, האָט אויסגע־פיהרט: אין א שעהנעם פריהמאָרגען זיינען געקומען עטליכע באָמערס און מען האָט מיך ארונטערגעשטעלט אין גאַס.

מיין פרוי האָט געוויינט און די קינדער מיינע האָבען דער־ווייל געלעבט א גוטען טאָג: אזוי ווי דער אלטער בייבי קעריעדזש מיט'ן מאטראַץ זיינען געלעגען אויפ'ן סיידוואָק, האָבען זיי גע־מאַכט א פייער...

ווען איך טרייב זיי ניט אָפּ, פערברענען מיר דאָס גאנצע ביסעל ארימקייט.

האָב איך געמוזט פערזעצען דאָס בעט־געוואַנד און דינגען אן אנדער דירה און אריינמופען.

היינט איז געוואָרען דריי וואָכען זייט איך וואוין אין די נייע רומס און שוין ווילט זיך מיר אַרויסמופען. נים מחמת די דירה טויג ניט, נאָר מיין שכן פון נעקסט דאָר טויג נים.

אַזאַ נודניק האָט נאָך די וועלט ניט געזעהן. און צו אַלע צרות איז ער נאָך אַ הייסער ציוניסט...

באַלד אויף מאָרגען, ווי נור איך האָב אַריינגעמופט, האָט ער אָנגעקלאַפּט ביי מיר אין טהיר.

— קאַם אין!

האָט זיך אַריינגעלאָזט אַ איד מיט אַ שוואַרץ בערדיל און גרויסע ברילען. דאָס איז געווען מיין שכן.

— גוט מאָרגען!

— גוט יאָהר!

— ווי גלייכט איהר יעפּעם די רומס?

— ניט ווי אַם בעסטען — זאָג איך.

— אַודאי — זאָגט ער — איז אין ארץ ישראל בעסער.

— עט — זאָג איך — אויף ריווערסייד דרייוו, אָדער אויף דער פינפטער עוועניו ביים סענטראַל פּאַרק איז אויך נים שלעכט.

— יעס — זאָגט ער — אָבער ס'איז דאָך אין גלות.

זאָג איך: וואָס פעהלט, למשל, דזשייקאָב שיפ'ן?

זאָגט ער: אין ארץ ישראל וואָלט איהם געווען אַ סך בעסער. אין עטליכע מינוט אַרום:

— מיסטער, אפשר וואָלט איהר זיך סובסקרייבט אויף אונזער חודש זשורנאַל „דער באַקסער“?

— וואָס טויג מיר באַקסער? — ענטפער איך.

— טאַ ווערט אַ סובסקרייבער אויפ'ן „אתרוג“.

— איך דאַרף נים קיין אתרוג.

— טאַ שרייבט אויס אויף אַ יאָהר צייט דעם „ירדן“.

— איך דאַרף ניט קיין ירדן.

— טאַ קויפט אַ פּאָר בוימער פאַר'ן הערצעל־וואַלד.

— איך דאַרף נים קיין בוימער.

— טאַ גיט עטליכע דאָלאַר פאַר'ן נאַציאָנאַל־פאָנד.

— איך האב ניט קיין געלד.

— טא קויפט און אקציע פאר א שקל.

— איך דארף ניט קיין אקציעס.

— טא גיט עטליכע דאלאר פאר בצלאל.

— איך האלט ניט פון בצלאל.

— טא שטיצט אונטער מיט עטליכע דאלאר די העברעאישע שפראך.

— איך גלייך ניט די שפראך.

— וואס דען גלייכט איהר?

— אידיש, מאמע לשון.

טא לאזט כאטש אנשלאגען ביי אייך אין הויז א פושקע.

— ניטא קיין פלאץ — זאג איך — ענגע רומס.

— טא לייהט מיר גלאט אזוי א דאלאר.

— איך האב ניט.

— טא גיט מיר כאטש א סיגארעטעל.

— איך סמוק ניט.

— טא גיט מיר א שמעק טאבאק.

— איך שמעק ניט.

— האב איך פאר אייך א טיקעט צו א לעקטשור.

— איך וויל ניט.

— פאר וואס?

— ווייל שלאפען קען איך אין דער היים אויך.

— טא וואס־זשע הען ווילט איהר?

— איך וויל פון אייך פטור ווערען... איך וויל פון דאנען ארויסמופען.

— אזוי? איהר ווילט ארויסמופען? וואו ווילט איהר מו־פען? מיר גלייכען אויך ניט די רומס. טא לאמיר מופען צו־זאמען...

גוד־באי, ערשטער בוך!

די פאָלגענדע ביכער זיינען יעצט אין דרוק:

## צוויי בענדער ליעדער פון י. אדלער

ערשטער באנד: „מיין היים" ערנסטע ליעדער

צווייטער באנד: הומאָריסטישע ליעדער

די צוויי בענדער ווערען ארויסגעגעבען אין זעלבען פאָרמאַט, דרוק, פאפיער און געבונדען אזוי ווי די „פרעהליכע מינוטען".



ב. קאָוונער'ס בעריהמטער העלד —

## משה קאַפּויר

דער פרעהליכער, אריגינעלער, אי- בעראל בעוואוסטער פאָלקס-העלד

וועט באלד ערשיינען אין בוך פאָרם. ער וועט ארויס אויף גאָט'ס וועלט א פרישער א נייער, ארומגעפיילט און ארומגעשליפען, מיט זיין ביאָגראפיע.

**פרייז בלויז 35 סענט (בראשירט)**



ווער עס וויל זיין פון די ערשטע צו קריגען „משה קאפויר" אדער אדלער'ס ליעדער, זיינען געבעטען אריינצושיקען זייערע אדרעסען און מיר וועלען זיי שריפטליך מעלדען דעם טאג ווען די ביכער וועלען ערשיינען.

שרייבט צום פערלאג „ליטעראטור" —

**MAURICE M. HERSHENSON**, Manager
Office: 346 East 173rd Street, New York, N. Y.

---

געזעצט ביי אינטערנעשאָנאל לינאָטייפּ קאָמפּאַזישאָן קאָ., 125 קאנאל סט.